**Levitt, Morris.**
**14 proletarishe**
**eynakters.**
**Nyu York, 1935.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1885.9

**Levitt, Morris.**
14 proletarishe eynakters / fun Moris Levit.
Nyu York : "Oktober Br." A.A.A., 1935.
Varying form of title: Fertsn proletarishe eynakters
170 p. ; 21 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B6014 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /1301

Reduction ratio x 10.0




# 14
# פראָלעטאַרישע איינאַקטערם



פון

דר. מאָרים לעוויט

אַרויסגעגעבן פון „אָקטאָבער בר.“ א. א. א.

ניו יאָרק

1816 Crotona Park East
New York



# אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

באַ דער געלעגנהייט פון דער ערשיינונג פון דעם נייעם בוך „פּראָלעטאַרישע איינאַקטערס“ פון אונדזער באַליבטן מיטגליד, חבר מאָריס לעווים, ווילן מיר זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן אים.

חבר לעוויט איז אַ געבאָרענער אַ האָמלער. נאָך זייענדיק אַ שילער אין אַן אָדעסער מיטלשול, האָט ער זיך שוין געפונען אין אַ רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספערע, — גענומען אָנטייל אין דעמאָנסטראַציעס, טשיטקעס און סכאָדקעס... ער האָט דורכגעלעבט צוויי פּאָגראָמען — אין אָדעס און אין האָמלע... ער ווערט פאַרפאָלגט פון דער פּאָליציי און באַהאַלט זיך אויס פון דער אָכראַנקע אַ לענגערע צייט אין מאָהילעוו... שפּעטער פאַרזוכט ער דעם טעם פון דער צאַריסטישער זשאַנדאַרמעריע אין אַ ווילנער פּאָליטישער טורמע.

ער פאַרלאָזט רוסלאַנד. שטודירט צוויי יאָר אין היידעלבערג. דאָרט האָט ער געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור פון די ערשטע קוואַלן.

אין אַמעריקע איז ער געקומען אַלט זייענדיק אַ יאָר 20. ער ווערט באַלד טעטיק אין די יוגנט-קרייזן פון די אַרבעטער. העלפט בויען דעם אַרבעטער רינג און איז טעטיק אין די סאָציאַליסטישע קאַמפּיינען. ווען די וועלט-מלחמה ברעכט אויס געפינען מיר לעוויטן צווישן די אַקטיווסטע טוער אין „פּיפּלס רעליעף“, וואו ער האָט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד אונערמידלעך געאַרבעט צוזאַמען מיט די איבריקע וואָלונטירן... אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג טרעט ער אַריין אין דער צייט ווען די „פרייהייט“ האָט זיך געגרינדעט. ער העלפט אַרויס סיי מאַטעריעל, סיי גייסטיק פיל לינקע מאַסן-אָרגאַניזאַציעס. ער האַלט יאָר איין יאָר אויס פאָרטראָגן אין די אַרבעטער-שולן, אין די פרויען-קאָנסולס, אין די אָרדן-ברענטשעס, און אין די אידישע אַרבעטער-קלובן. ער איז טעטיק אין יעדן קאָמוניסטישן קאַמפּיין. ער האָט געהאָלפן אין די סטרייקס פון שאַרלאָט סטריט און קראָטאָנאַ פּאַרק

איסט. ער טרעט אָפט אַרויס אַף מאַסן פאַרזאַמלונגען סיי אין האָלס און סיי אין סטריט. ער נעמט אָן גערן אַלע רענק-און-פייל אַרבעט אין זיין „יוניט“: ווי פאַרשפּרייטן די רויטע פּרעסע, מאַכן קאָנטאַקטן, אָרגאַניזירן הייזער און בלאָקס א. אז. וו... חבר לעוויט איז געווען איינער פון די בויער, און איז יעצט אויך אָן אַקטיווער מיטגליד אין אונדזער „אָקטאָבער“ בראַנטש, וואָס האָט זיך געגרינדעט מיט אַ 35 מיטגלידער און היינט — פינף יאָר שפּעטער — ציילן מיר שוין 265 מיטגלידער.

כאָטש חבר לעוויט איז אַזוי טעטיק אין דער פּאַרטיי און אַלס דאַנטיסט איז ער באַשעפטיקט די גרעסטע טייל שטונדן פון טאָג, האָט ער געפונען גענוג צייט צו אָנשרייבן אַ צאָל פּיעסן און איינאַקטערס. דאָס איז שוין זיין פערטער בוך שריפטן. זיינע ערשטע דראַמען האָט ער נאָך געשריבן אין צייט פון וועלט-קריג און זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1927. קריטיקער, איבערהויפּט אונדזערע לינקע שרייבער, האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן וועגן זיינע שריפטן. חבר קלמן מרמר האָט אין דער „פרייהייט“ געשריבן פאָלגענדעס: „דר. לעוויט ווייזט אונדז אינטערעסאַנטע בילדער. מיר זעען דאָרט אַ גאַנצע גאַלעריע פון רעוואָלוציאָנערע טיפּן... זיי קריצן זיך שטאַרק איין אין זכרון. מיר געדיינקען זיי, ווי מיר וואָלטן מיט זיי אַ צייט פאַרבראַכט. זיינע טיפּן זיינען מענטשן פון בלוט און פלייש.“ חבר מעינקע קאַץ האָט בײַ אַ געלעגנהייט געשריבן פאָלגענדעס: „דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד איז געשילדערט מיט אַ קינסטלערישער פּעדער... די שילדערונגען זיינען פולבלוטיקע. יעדער טיפּ אָטעמט מיט רעוואָלוציאָנערער מיסטיק... דר. לעוויט דערהויבט זיך אין דער דראַמע צו גרויסע הייכקייטן סיי אַלס היסטאָריקער און סיי אַלס קינסטלער.“ מיר וואָלטן געקאָנט ציטירן נאָך אַ סך רעצענזיעס, וואו חבר לעוויט'ס שריפטן זיינען שטאַרק געלויבט געוואָרן, אָבער מיר האָבן פאַר דעם קיין פּלאַץ ניט.

מיר, די מיטגלידער פון „אָקטאָבער“ בראַנטש, באַגריסן חבר לעוויטן, סיי אַלס אַקטיוון טוער אין דער קאָמפּאַרטיע און סיי אַלס קינסטלער. מיר ווינשן אים לאַנגיאָריקע, פּרוכטבאַרע אַרבעט פאַרן אַרבעטער קלאַס.

קולטור-קאָמיטע פון אָקטאָבער בר. 132 א. א. א.

# קאַלווירטניקעס

[ אַ בילד פון סאָוועטישן דאָרפס-לעבן ]

**א נ ט י י ל נ ע מ ע ר :**

1 לאה
2 מאַטריאָנע
3 דוד
4 עזרא
5 ביילקע
6 יאַשאַ
7 אַנטאָן

האַנדלונג קומט פאָר אַף אַ דאָרף אין דער סאָוועטישער ווייס־רוסלאַנד. סצענע: אַ צימער מיט צוויי קליינע פענצטערלעך מיט אַ נידעריקער, אויסגעבויגענער סטעליע, קאָנטיק אַז דאָס איז אַן הייזל וואָס איז נאָך געבויט געוואָרן אין די גאָר אַלטע צאַריסטישע צייטן. די ווענט געמאַכט פון הוילע, רונדע, גראָבע קלעצער; צווישן די קלעצער שטעקט אַרויס גרוי־גרינער מאָך. רעכטס, אַ טיר וואָס פירט צום פאָדערהויז. ניט ווייט פון אַריינגאַנג, אין אַ ווינקל — אַ גרויסער, ציגלנער, פריש־באַקאַלכטער אויוון מיט אַ ליעזשאַנקע; אין אַ צווייטן ווינקל — אַ הויך־פאַרבעטע בעט. לינקס, בײַ אַ זייט, שטייט אַ זאַק מיט פּראָסע. אַף די ווענט — בילדער פון ליענין, סטאַלין, אַ קאָלירטער פּאָרטרעט פון וואָראָשילאָוון רייטנדיק אַף אַ פערד; פאַמיליע־בילדער; אַ סערפּ און אַ האַמער באַצירט מיט רויטע לענטעס. אַף אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ הענגט אַ ביקס. אַף אַ הילצערנעם, אָפּגעבליאַקעוועטן קאָמאָר ליגן, נעט צוזאַמענגעלייגטע בראָשורן און צייטונגען, אַ צוויי לייכטער געמאַכט פון ליים, אויך אַ האַרמאָשקע. אין מיטן הויז — אַ פיר־עקיקער, הילצערנער, קאָנטיק אַן איינגעמאַכטער, טיש, אויך עטלעכע טאַבורעטקעס. פון דער נידעריקער סטעליע הענגט אַרונטער אַן עלעקטרישער לעמפּל. עס הערט זיך פון צייט צו צייט דאָס בילן פון הינט.

עס איז זומער אָוונט, שניט־צייט 1932.

(לאה, אַ דאַרע, הויכע, ביינערנע אידענע, מיט אַ קאָפּ גרויע האָר איבערגעבונדן מיט אַ פּאַטשיילקע, דער פּנים אַן אויסגעטריקנטער. זי טראָגט ברייטע, טונקעלע, אַלטע קליידער, אַ ברוינעם געקעסטלטן פאַרטעך. אַף אירע דאַרע

פּיס טראָגט זי ווייכע, שוואַרצע פּאַנטאָפּעל. זי באַוועגט זיך לאַנגזאַם. זי האָט ערשט פאַרענדיקט אויסקערן דעם צימער און איצט באַשיט זי די הילצערנע פּאָדלאָגע מיט פּילקע. עס קומט אַן מאַטריאָנע, — אַ געזונטע, קורצע, פלינקע פּויערטע. זי טראָגט ספּעציפיש־דאָרפישע, לייווענטענע, אויסגעשטריקטע קליידער. אירע אויגן זיינען שאַרפע, שטעכיקע; מיט אַ בייזן נאָז. זי בלייבט שטיין באַם טיר, קוקט זיך פאַרזיכטיק אַרום).

מאַטריאָנע: (רעדט מיט אַן האַרטן, פּוירשן אַקצענט) דאָברי וועטשער, טייערינקע ליאה!

לאה: אָ, מאַטריאָנע... קום אַריין. (לאה טראָגט צו אַ בענקל) זעץ דיך... ט'זיין מיט ווען אַ וואָרט אויסצורעדן. (מאַטריאָנע זעצט זיך).

מאַטריאָנע: דיינער איז דאָ?

לאה: ווען איז ער אין דער היים? — אַרבעט ווי אַ פערד גאַנצע טעג און נעכט... הערסט! היינט האָט ער זיך אופגעכאַפּט, נאָך גאָר פינצטער געווען... אַוועקגעלאָפן, געבראַכט צעשלעפן אַף זיינע דאַרע פּלייצעס אָט יענעם גרויסן זאַק פּראַסע. (זי ווייזט אָן אַפן זאַק).

מאַטריאָנע: מיינסט באַ זיי איז דאָס אָנגעלייגט! — דיינער ניט דאָך אַוועק דעם לעבן פאַר זיי, אַרבעט ווי אַן אַרעסטאַנט פאַר דרייען... זעסטו, און אין דער פּאַרטיע נעמט מען אים ניט אַריין!...

לאה: דאָס ערגערט אים זייער . . . מען האָט אים פאַרמאַסערט. עס פאַלן באַ זיי סקאָט. נו, איז אין אַלץ מיין דוד שולדיק.

מאַטריאָנע: האַרטע מענטשן זיינען זיי... אַן אָנשיקעניש אַף אונדזער קאָפּ איז די סאָוועטסקע וולאַסט!... שלעכט, ליאה, שלעכט... די רעוואָלוציע האָט נאָר געבראַכט אַ פּלאָג אַף אונדז: דאָס האָב און גוטס האָבן זיי אָפּגענומען, די פאַמיליעס צעבראָכן, פון גאָט לאַכן זיי אָפּ. הערסט, באַ זיי, אַז אַ פּויער ציילעמט זיך איבער — באַשטראָפן זיי. אַז פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!...

לאה: און מיר האָט די רעוואָלוציע אויך קיין גליקן ניט געבראַכט... מיין עלטערער זון יוסף, ווייסט דאָך, אַזאַ טייער קינד געווען, איז דאָך דערהאַרגעט געוואָרן פון די באַלאַכאָוועצעס, און די איבעריקע זיינען באַ מיר פאַרפרעמדט געוואָרן. קיינמאָל אין דער היים





ניטאָ. פאָרן אַלץ אַרום, און אַז זיי קומען אַמאָל צו גאַסט, קוקן זיי אַף מיר ווי אַף אַ בייז וואונדער. — וואָס, זאָגן זיי, — מאַמע, דו זאַלצסט נאָך אַלץ פלייש און בענטשסט ליכט? — און לאַכן. און מיין דוד אַפילו, ווען ער קומט אַמאָל פרייטיק און טרעפט מיינע ליכט ברענען, שטעלט ער זיך און קוקט מיך אָן און שווייגט, און באַדויערט מיך. עפּעס דריי איך זיך אַרום אַף דער וועלט ווי אַ פרעמדע...

מאַטריאָנע: און מיינע קינדער, מיינסטו, זיינען בעסער?... זיינען אַוועק און שרייבן קיינמאָל ניט. שעמען זיך מיט אַ טאַטן אַ קולאַק... יאָרן דערלעבט, מען זאָל זיך שעמען מיט אייגענע טאַטע-מאַמע... און די קליינע נאַסטיאַ גייט שוין אויך אין זייערע וועגן. זי איז נאָך גאָר אַ שנעק, קוים 7 יאָר אַלט. לעצטע וואָך זאָגט זי מיר: — ווייסט, מאַמע, אַז גאָט אין הימל איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, קיינער האָט גאָט ניט געזען און די גאַנצע סקאַזקעס ווי אַזוי יעזוס קריסטוס איז געפלויגן אין הימל און איז צוריק אַף דער ערד אַרונטערגעקומען האָבן די קאַפּיטאַליסטן און גלחים אויסגעטראַכט. — איך האָב איר דערפאַר גוט צעקאַטעוועט... נו, יאָרן דערלעבט!... (לאה זיפצט. אַ ווײַלע שווייגן זיי שטיל) מיין יעפים איז איינער אַליין... מען דאַרף שוין גיין, דערצו דורשט זיך מיר. געגעסן פאַר אַ נאָווינע אַ שטיק קאַפּטשאָנקע... גיב מיר, טייערע סאָסעדקע מיינע, אַ קאַלטן טרונק וואַסער.

לאה: איך וועל דיר באַלד אַריינטראָגן אַ קאַלטע גלאָז מילך.

(לאה גייט אַפּ אין פאָדערהויז. מאַטריאָנע קוקט זיך אַרום, לויפט געשווינד צו צום זאַק, כאַפּט אַרויס פון בוזים אַ זעקעלע מיט פּודער און שיט עס אַף גיך אַריין אין זאַק מיט פּראַסע און מישט עס אויס, טרייסלט אָפּ דעם שטויב פון זיך און זעצט זיך צוריק אַף איר אָרט. לאה ברענגט איר אַריין אַ גלאָז מילך. מאַטריאָנע טרינקט און פאַסמאַקעוועט זיך).

מאַטריאָנע: אַ דאַנק דיר, טייערינקע ליאה, דו ביסט מיין בעסטע סאָסעדקע . . . און כאָטש דו ביסט אַ אידישקע און דאָך האָב איך דיך שטאַרק ליב...

(לאה נעמט צו די ליידיקע גלאָז. עס דערהערן זיך שווערע טריט. דוד, אַן איינגעבויגענער און אַ מידער, קומט אַן מיט אַ פולן גרויסן זאַק אַף זייבע

פליוצעס. דוד איז אן הויכער, ביינוקער, פארהארטעוועטער מאן פון א יאר 50, פארמאגט א פאר קלוגע אויגן, וועלכע דריקן אוים פעסטן גלויבן. זיין אוואל פנים איז באדעקט מיט א גרוי אונטערגעשארן בערדל, זיינע וואנצעס זיינען קורץ און נאך שווארץ. ער טראגט א לאנגן, פארלאטעטן פידזשאק, אלטע שטיוול; זיין פארשטויבטע היטל מיטן הארטן, צעקנייטשטן דאשעק, פארדעקן זיין צערונצלטן שטערן. דוד קוקט בייז אף מאטריאנען, שטעלט אוועק דעם נייעם זאק לעבן דעם ערשטן).

דוד: (צו לאה'ן מיט א פעסטער באריטאן שטימע) שיינע קאמפאניע האסטו דיר!

מאטריאנע: זיי ניט, דאוויד, אזוי בייז! — א גאנצן לעבן מיט דיר סאסעדעס געווען, און איצט ווילסט אפילו אין שטוב ניט אריינלאזן!...

דוד: גראזשדאנקא קודריאווטשיק, איר זייט פארבליבן קולא-קעס!... איר זייט פיינט פון די סאוועטן!... איר זייט שעדיקער!...

לאה: דו דארפסט ניט, דוד, באליידיקן מענטשן בא זיך אין הויז.

דוד: (מיט כעס) איך וויל ניט זיי זאלן צו מיר אין שטוב אריינטרעטן!... פיינע געזעלשאפט!... (גייט אפ אין פאדערצימער).

מאטריאנע: נו איך גיי... נעם זיך ניט צום הארצן, טייערינקע ליאה, אט אזוי זיינען אלע באלשעוויקעס, — גראבע יונגען. ווסעהא כאראשאווא, סאסעדקא...

לאה: גיי געזונט. (מאטריאנע גייט אפ. דוד קומט אריין. ער איז איינגעוואשן, אן א פידזשאק און אן א היטל).

דוד: (פארביטערט) וויפיל מאל האב איך דיך געבעטן, זאלסט זיך ניט חבר'ן מיט די קודריאווטשיקס!...

לאה: איך דריי מיך ארום איינע אליין א גאנצן טאג, אז זי קומט, איז פאראן מיט וועמען א ווארט אויסצורייידן!...

דוד: פארוואס גייסטו ניט אריין אין ארבעטער צענטער? אדער אין דער „יאסלי"? — עס איז דא גענוג ארבעט פאר יעדן.

לאה: איך קאן ניט, דוד... איך קאן זיך מיט זיי ניט צוזאמענלעבן... איך בין פארבליבן א גלויביקע. יא, איך גלויב אין גאט... איך קאן ניט... (זי וויינט זיך פאנאנדער. דוד, מיט מיטלייד, באדויערט זי).





דוד: האסט, אפשר, וועטשערע?... (ער נעמט ארוים פון קעשענע אן „עמעס" און זעצט זיך לייענען. לאה ווישט זיך אוים די טרערן מיט איר פארטאך, לייגט א קליין קאלירט סערוועט אף א ברעג טיש, ברענגט א לאנגן מעסער, א לעפל, גאפל, דערלאנגט א האלבן לאבן שווארץ־ברויט, זאלץ, א טעלער בארשטש, זויערע אוגערקעס. דוד לייגט אוועק די ציימונג, עסט מיט אפעטיט און רעדט מיט הארצווייטיק) היינט בא אונז ווידער צוויי חזרים און עלף הינער געפאלן . . . און פון וואנען און פאר וואס, וויסן מיר ניט... אט אן אומגליק!...

לאה: (מיט מיטגעפיל) וואס ביסטו שולדיק? — ארבעטסט טאג און נאכט, גיסט דיין לעבן אוועק. . . .

דוד: איך בין ניט דער איינציקער — אלע ארבעטן...

(עס דערהערן זיך שווערע טריט ביים טיר. עס קומען אן עזרא און זיין טאכטער ביילקע, און יאשא. אלע אנגעטאן אין רייזע־קליידער. עזרא איז אן עלטערער, באוואקסענער קאלווירטניק, האלט א בייטש אין האנט. ביילקע איז א רונדע, געזונטע, באוועגלעכע טיפיטשנע דארפסמיידל מיט א יוגנטלעכער, קלינגענדיקער שטימע. יאשא איז א יונגער בחור. זיין פנים איז ריין געראזירט, מיט א פאר קליינע וואנצען, אנגעטאן אין א לעדערנער טוזשורקע, טראגט א גרויע קעפקע און א בודיאנאווקע אף די פליוצעס, האלט א פעקל אונטערן ארים).

דוד: אט ס'ארא געסט! (גריסט זיך מיט די קאלווירטניקעס) און ווער איז דאס דער חבר?

עזרא: (רעדט א ביסל צעצייגן, מיושב'דיק, מיט א באסאווער ברוסט־שטימע) אן אונזעריקער . . . יאשא הייסט ער . . . פארט דא דורך אף קאמאנדיראווקע. קאן ער דא, בא דיר, דוד, איבערנעכטיקן?

דוד: געוויס... נו זעצט זיך.

עזרא: מיר קאנען דא אף לאנג ניט פארבלייבן...

לאה: זיצט אביסל. אלע אייערע, נאר זיי איילן זיך. (אלע זעצן זיך אוים. יאשא לייגט אוועק זיין פעקל און ביקס, מאכט זיך הײמיש, נעמט ארוים פון בוזים־קעשענע א קליין ביכעלע און שרייבט).

דוד: (צו עזרא'ן און ביילקען) נו דערציילט עפס? וואס, שוין אלץ צעדראשן?

עזרא: עס ליגן נאָך 25 ניט אויסגעדראָשענע סקירדעס תבואה אין סטעפּ.

ביילקע: טאַטע, ניט 25 סקירדעס, נאָר 23 ליגן אין פעלד.

עזרא: זאָל זיין 23.

ביילקע: און פאַרוואָס דערציילסטו ניט, טאַטע, אַז די ברויט-אָפּליפערונג איז שוין אויסגעפילט, זריעה-פאָנדן אָפּגעלייגט און סטראַכיר-פאָנדן פאַרשאָטן. — דערצייל, טאַטע, און זאָל מען טאַקע וויסן, אַז ניט אומזיסט האָבן מיר געוואונען די רויטע פאָן!

דוד: (מיט פרייד) וואונדערבאַר! . . . און וואָס האָט איר אַראָפּגענומען האַיאָר פון „הא“?

עזרא: צוועלף צענטער.

ביילקע: ניין, גאַנצע צוועלף-און-א-האַלב צענטער... (צו עזרא'ן) וואָס, טאַטע, דו ווילסט זיך אליין באַגאַנווענען?...

דוד: און וויפל קאַפּט באַ אייך ברויט אַף אַן ארבעטס-טאָג?

עזרא: זעכצן קילאָ ברויט אַף יעדן ארבעטס-טאָג.

ביילקע: ריכטיקן (מיט גאוה) גאַנצע זעכצן קילאָ!

דוד: וואָס איז דאָ צו ריידן. איר זייט מאָלאָדצעס. באַ אונז איז נאָך דאָ צופיל לאָדאָרעס און באַ נ'אייך ארבעט מען.

עזרא: אָ, מע האָט שוין איין מאָל געאַרבעט!... פאַרשטייסטו מיך, ברודערקע, די מאַסע ארבעט באַ אונז, ווי אַף זיך אליין.

ביילקע: דער עיקר, מען האָט געאַרבעט מיט א פעסטן פּלאַן. איר פאַרשטייט, חברים, אַף אַלץ האָבן מיר א פּלאַן. מיר האָבן א ווירטשאַפט-פּלאַן, א קולט-פּלאַן, א שול-פּלאַן, א יאַסלי-פּלאַן... אַלעס מיט א פּלאַן.

דוד: און ווי האַלט עס מיט דער באָד?

מיכל: ס'וועט זיין היינטיקן ווינטער באַ אונדז א באָד אויך.

ביילקע: מען קלאַפּט שוין דעם דאַך. עס וועט זיין פאַרטיק אין דריי וואָכן אַרום.

עזרא: און וואָס הערט זיך באַ נ'אייך?

דוד: מיר האָבן אויסגעפילט אונדזער נאָרמע, אָבער עס איז דאָ





א סך שטערונגען. קומט אָן שווער... צופיל באַלעגופים און פוילאַקעם דאָ באַ אונדז.

ביילקע: מען דאַרף די פוילּיאַקעס אויסראָטן!... ניט זיי קייען די ערד! פאַסקודנע דאַרמאָיעדניקעס!...

עזרא: (קוקט צום פענצטער) עס איז שוין געוואָרן גוט פינצטער. מיר דאַרפן נאָך א היפש ביסל וועג דורכקאַטעווען.

ביילקע: יאָ, טאַטע, מען דאַרף פאָרן. (זיי הייבן זיך ביידע אויף) הער נאָר, יאשקע, ווען דו וועסט פאָרן צוריק, פאַרגעסט ניט קאַלינין-דאָרף! (צו אַלעמען) א גוטע נאַכט, חברים.

עזרא: א גוטע נאַכט.

אַלע: א גוטע נאַכט. (זיי גייען אַפּ).

דוד: דו ווילסט עפּעס עסן, חבר?

יאשא: איך האָב געגעסן. א גלאָז טיי וואָלט איך געטרונקען, צוקער האָב איך.

לאָה: מיר האָבן צוקער. באַלד מאַך איך טיי. (זי גייט אַפּ).

יאשא: ווי לאַנג ביסטו דאָ, חבר, אַפּן דאָרף?

דוד: אַלע מיינע יאָרן... נאָך פון די ערשטע קאָמונאַרן... געראָלפן אָרגאַניזירן דאָ דעם קאָלעקטיוו.

יאשא: עפּעס א רייכע ווירטשאַפט דאָ באַ נ'אייך?

דוד: מיר האָבן היי-יאָר פאַרזייט 500 העקטאַר. מיר פאַרמאָגן א גרויסע מאָדערנע מילך-פערמע, א טשערעדע פון 290 בהמות, א 55 פערד, מיר האָבן באַ 900 חזרים, איבער א טויזנט הינער, אביסל גענדז און קראָליקעס. וואָלט דאָך געווען גאָרניט שלעכט, — זיינען מיר אָבער ארומגערינגלט מיט צו פיל שעדיקער און סובאָטניקעס. שוין צוויי מאָל האָט מען אונדז די מיל אונטערגעצונדן. לעצטן ווינטער האָט מען באַ אונדז 14 פערד צוגעגאַנוועט... חזרים פאַלן, הינער פאַלן...

יאשא: מען דאַרף מיט די שעדיקער זיין שטרענג. וואָס איז שייך די סובאָטניקעס, האָב איך פאַר זיי איין לאָזונג — האָסטו, ברודער, געראַטעוועט — באַקום; האָסטו זיך באַשעפטיקט מיט דאַוונעריי, — גיי אין הימל און מעלק די מלאכים.

דוד: אפשר וואָלסטו אונדז געקאָנט ארויסהעלפן ווייל דו ביסט דאָ?

יאשא: מעגלעך אז יאָ.

(לאה ברענגט צוויי גלאָז טיי און עטלעכע שטיקלעך צוקער אַף אַ טעלערל. די טענער קוקן זיך ניט אום, גייען אָן מיט זייער געשפרעך).

זאָג מיר, טאָווארישטש דאַוויד, ווער פאַרעט זיך בא נ'אייך אין די שטאָלן?... פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן?

דוד: מיר האָבן אויסגעקליבן אַלטע, גוטע, דיסציפּלינירטע קאָ-מונאַרן און קאָמונאַרקעס.

יאשא: און ווי האַלט עס בא נ'אייך מיט שפּייז פאַרן סקאָט און די הינער?

דוד: פאַרן סקאָט האָבן מיר גענוג עסן. נאָר פאַר די עופות פעלט אוים. ערשט היינט געקראָגן צוויי זעק פּראָסע. (דוד ווייזט אַף די זעק).

יאשא: גיב נאָר אהער, חבר, צו ביסלעך פּראָסע פוןביידע זעק. דוד עפנט אויף די זעק, נעמט אַרוים צו ביסלעך פּראָסע, גיט יאשא'ן. יאַשאַ באַטראַכט עס, שמעקט) איין זאַק איז אַ גע'סמ'טער. עס שמעקט מיט סערקע. גיב צו ביסלאַך וואַסער אין צוויי גלעזער. (דוד ברייננגט וואַסער אין צוויי צעבראָכענע גלעזער, יאַשאַ שיט אַריין די פּראָסע אין ביידע גלע-זער, אין איין גלאָז שווימט אַרויף רויט-ווייסער פּוידער. ער גייט צו, שמעקט און באַטראַכט ביידע זעק) איין זאַק איז אַ גע'סמ'טער... קומט דאָ אַ פּאַרדעכטיקע פּערזאָן צו דיר אין הויז אריין?

דוד: (קוקט אַף זיין פרוי פּילדייטיק) יאָ, דאָ קומט אריין אַ קו-לאַקיכע, איינע אַ מאַטריאָנאַ קודריאַווטשיק. זי קומט צו מיין פרוי צו נאַסט. איך טרייב זי פון שטוב ווי אַ הונט און זי קומט.

לאָה: (מיט אַ דערדריקטן קול) מאַטריאָנע איז אָן ערלעכע גויע. דאָ אַפן דאָרף האָבן מיר זיך צוזאַמען אויפגעהאָדעוועט...

יאשא: וועלכער זאַק איז דאָ געווען, ווען מאַטריאָנע איז דאָ צונאַסט געווען?

דוד: אָט דער. (ווייזט אַפן ערשטן זאַק. יאַשאַ באַטראַכט די פּים פון דוד און לאָה, נאָכדעם באַטראַכט ער די טריט אַף דער פּאָדלאָגע).





יאשא: לאָמיר גיין זי אהער ברענגען.

דוד: זי וואוינט דאָ ניט ווייט. קום. (זיי גייען אַפּ).

(לאָה, קרעכצנדיק, נעמט צו די טיי פון טיש. עס קומט אָן אַנטאָן. ער איז אַ יונגער שיינער פּויער, געראַזירט, מיט לאַנגע שיינע וואַנצעס. ער טראָגט אָן אויסגנייטע רובאַכע און גוט-צוגעפּאַסטע, גלאַנציקע שטיוול).

אנטאן: זדראַווסטוואוי, ליאַ!

לאָה: זדראַווסטוואוי, אַנטאָן!

אנטאן: קוקסט אוים, ליאַ, אַזוי אומעטיק, גלייך ווי אַ שוואַרצע סאָראָקע זאָל דיר אַפן באַשקאַ ארויפגעפלויגן.

לאָה: צרות... אַלע טאָג נייע צרות.

אנטאן: וואָס געטראָפן, ליאַ? דערצייל.

לאָה: היינט ווידער 11 הינער און 2 חזרים געפאַלן. און צו וועמען לאָזט זיך דאָס אַלץ אוים? — אַלץ צו מיין דוד'ס קאָפּ.

אנטאן: וואָט בעדאַ!... מיר היטן אַזוי דעם סקאָט און די פויגל!... מיר וואַשן יעדן טאָג די קוריאַטניקעס, שיטן אָפּט פרישע שטרוי אין די כליעוועס, וואָט נעסטשאַסטיע... (אַ קליינע פּויזע) און וואו איז איצט דיין דאַוויד?

לאָה: ער'ט באַלד קומען... ס'צאָך דאָ באַלד טאָן... געקומען עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ בודיאָנאָווקע, מיסתמא אַ טשינאָווניק, אַף דאַפּראָסן געקומען, — זוכט מען, נישטערט מען...

אנטאן: איך פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט, ליאַ...

לאָה: זיי זיינען אַוועק צו מאַטריאָנען, צו מאַכן דאָרט אַן אָביסק... איך וויים ניט וואָס זיי האָבן צו איר... און אַז די קודריאַוו-טשיקס ווילן ניט אריינגיין אין קאָלעקטיוו, דאַרף מען זיי דערפאַר אַזוי רודפ'ן?...

אנטאן: די קודריאַווטשיקס זיינען קולאַקעס. זיי זיינען סוואָ-לאָטשעס!...

לאָה: בא נ'אייך אַז מען גייט אין צערקווע זיך מאָליען איז מען אַ סוואָלאָטש; און אַז מען בענשט ליכט איז מען אַ באָלוואַן און אַ פּרא-אָדם... נו, יאָרן דערלעבט!...

אַנטאָן: דו, ליאַ, ביסט פאַרבליבן אַ סטאַראָסוועטסקע באָבע, דו גלויבסט אין גאָט און בענקסט נאָך די אַלטע פּאַראַנדקעס.

לאָה: (פאַרביטערט) מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן גע־גלויבט אין גאָט. די גאַנצע וועלט גלויב אין גאָט, אויסער די קאָ־מוניסטן...

אַנטאָן: אַלטע זאַבאַבאָנעס... מיין גאָט, דיין גאָט — אַלע ווערט אַ פּיאַטאַק. סאַמע גלאָוונע, פאַרשטייסט — אַ מענטש דאַרף זיין ערלעך... ניט עקספּלואַטירט קיינעם. לעב פון דיין אייגענער פּראַ־צע. פּאָנימאַיעש, — דאָס איז אונזער נייער סאָוועטסקער גלויבן...

(עס דערהערט זיך אַ געריוש. יאַשאַ, מאַטריאָנאַ און דוד קומען אַן).

מאַטריאָנע: (אַ נערוועזע און מיט געמאַכטן קוראַזש) אָט בין איך דאָ, אַף וואָס דאַרפט איר מיך?

יאַשאַ: זייט אַזוי גוט, גראַזשדאַנקאַ, און זעצט זיך צו אַף אַ פּאָר מינוט. (יאַשאַ פאַרגלייכט די סערקע פון די שוועבעלעך, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען באַ מאַטריאָנען מיט די וואָס ער האָט געפונען אין דער פּראָסע) זאָגט מיר, גראַזשדאַנקאַ, צוליב וואָס קויפט איר אַזוי אָפט שוועבעלעך?

מאַטריאָנע: (אַביסל צומישט) וואָס הייסט? — מיר דאַרפן אַ סך שוועבעלעך פאַר מאַכן דעם אויוון, פאַר סיגאַרעטלעך, פאַר מאַכן דעם קעראָסין לאָמפּ... אונדז גיט מען ניט קיין עלעקטריטשעסטוואָ, דאַרפן מיר האָבן אַ סך שוועבעלעך.

יאַשאַ: וואו זיינט איר געזעסן, ווען איר זייט דאָ פריער געווען?

מאַטריאָנע: טאַקע אַף דער זעלבער טאַבורעטקע, וואו איך זיץ איצט.

יאַשאַ: און צוליב וואָס האָט איר אַריינגעשאָטן סערקע אין דער פּראָסע?

מאַטריאָנע: (נערוועז, ווערט אָפּגעוואַשן מיט שווייס) איך, סער־קע געשאָטן?!... זאָל איך פיינערן אַפן אָרט... איך האָב ניט געשאָטן...

יאַשאַ: און ביים זאַק האָט איר זיך ניט געפּאָרעט? (ער ווייזט איר אַן די זעק).

מאַטריאָנע: יעי באָגו ניט געפּאָרעט!... (זי נעמט זיך ציילע־





מען. אַנטאָן שמייכלט) איך האָב גאָר ניט געזען קיין זאַק... וואָס האָב איך צו טאָן באַ פרעמדע זעקן...

יאַשאַ: די גאַנצע צייט זייט איר, גראַזשדאַנקאַ, געזעסן אַף דעם אָרט?

מאַטריאָנע: אָט פרעגט ליאַ'ן... יעי באָגו, איך בין פון דאַנען ניט אַרונטער. — זאָל זי זאָגן.

לאָה: יאָ, זי איז דאָ געזעסן די גאַנצע צייט, איך בין נאָר אָפּגעטראָטן אַף אַ פּאָר מינוט, צו געבן איר אַ טרונק.

יאַשאַ: (צו לאה'ן) האָט איר אַליין זיך אָנגעשלאָגן צו געבן איר אַ טרונק, אָדער זי האָט געבעטן?

לאה: זי האָט געבעטן. (יאַשאַ גייט צו צו מאַטריאָנען, פּרובירט באַ איר אַרויסקריגן אירן אַ שוך, זי ווערט זיך, ענדלעך באַקומט ער אַ נייר־מאָדישן שטאָטישן שוך, מיט קליינע קאַבלוקעס. ער באַטראַכט עס גוט, גייט צו צום זאַק, קוקט נאָך די טריט, ער ווענדט זיך צו דוד'ן און אַנטאָנען) זעט, טאָווארישטשי, זי איז די איינציקע, וועלכע טראָגט שטאָטישע שיך מיט קליינע קאַבלוקעס. מיר אַלע טראָגן שטיוול, לאָה טראָגט ווייכע פּאַנטאָפל. (ער מעסט צו דעם שוך צו די טריט, דוד און אַנטאָן פאָלגן אים נאָך) קוקט! — אירע טריטן זי איז דאָ געווען ביים זאַק. זי האָט זיך דאָ געפּאָרעט. דער צווייטער זאַק איז ניט גע'סמ'ט, ווייל דאָס האָט דאַוויד ערשט מיט זיך געבראַכט. אירע סערקע איז די זעלבע ווי די, וואָס איך האָב געפונען אין זאַק... אירע אַרבעט... (ער גיט מאַט־ריאָנען אָפּ דעם שוך) גייט! — דאָס איבעריקע וועלן מיר שוין מאָרגן אונטערזוכן.

מאַטריאָנע: (אַ וויינענדיקע) יעי באָגו, איך האָב ניט גע־סמ'ט... ס'איז ניט מיין אַרבעט... זאָלן מיר וועלף דערווערגן אויב...

דוד: (אַן אויפגערעגטער) ווען איך וועל דיך, מאַטריאָנע, נאָך אַמאָל טרעפן באַ מיר אין הויז, וועסטו שוין מיט קיין גאַנצע ביינער ניט אַוועק פון דאַנען!... גיי פון דאַנען שקוראַ!... (מאַטריאָנע גייט אָפּ).

יאַשאַ: זאָרג זיך ניט, דאַוויד, זיי וועלן שוין דאָ לאַנג אַפן דאָרף ניט פאַרבלייבן...

דוד: (מאַרשירט אַרום) שעדיקער! הינט! קולאַקעס! אַזאַ כאָ־ליערע! סמ'ט מיר די פּראָסע...

אנטאָן: די קודריאַווטשיקס זיינען סוואָלאָטשעס, שקורניקעס. מען דאַרף זיי פון דאָרף פאַרטרייבן!...

יאַשאַ: מיר וועלן די קולאַקעס אויסראָטן!...

דוד: (צו לאה'ן) איך בעט זיך באַ דיר שטענדיק: טרייב זי פון שטובן חבר זיך ניט מיט די קודריאַווטשיקס!... (לאה וויינט זיך פאַנאַנדער).

אנטאָן: נו, גענוג שוין דיר, טאָוואַרישטש דאַוויד, לאָז אָפּ... איך האָב פאַר דיר פריילעכע נייס.

דוד: וואָס אַזוינס אַנטאָשאַ?

אנטאָן: מ'האָט דיך אָנגענומען, דאַוויד.

דוד: (איבעראַשט און איבערפילט מיט פרייד) אוי, טאַקע... ווער האָט עס דיר געזאָגט? — דערצייל.

אנטאָן: געוועזן היינט פאַ דיעלאַם אין הויז פון די פאָלקס-קאָמיסאַרן, האָט דאָרט איינער — אָט דער פלעשיווער מיט די פענס-נע — גייט ער צו צו מיר און זאָגט: דו ביסט דאָך פון קאָלווירט „אָק-טיאַבר", טאָ זאָג דאָרט אָן דעם טאָוואַרישטש דאַוויד פאַפּערניק, אַז ער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער קאָמפּאַרטיע.

דוד: (גייט צו צו לאה'ן, נעמט איר אָן באַ די פּלייצעס) הערסט, לאה, דוד פאַפּערניק פון פּאַפּוזאַווקע, איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיע!... (צו אַנטאָנען) לאַנג אויסגעקומען צו וואַרטן, אָבער ענדלעך אָנגענומען!

אנטאָן: איך האָב געוואוסט אַז מען וועט דיך אַריינגעמען. — אַז ניט דיך, וועמען דען?

דוד: שוין באַלד צוויי יאָר זייט איך האָב מיין אַפּליקאַציע אַריינגעגעבן...

אנטאָן: איבער די סוואָלאָטשעס, די קודריאַווטשיקס, דאַרף אַ נאַש-בראַט ליידן.

יאַשאַ: מען האָט מיר אַ סך גוטעס פון דיר אָנגעדערציילט, דאַוויד. אַזוינע ווי דו דאַרפן מיר אין דער פאַרטיע.

אנטאָן: (גייט צו צו לאה'ן) וואָס זיצסטו נאָך אַלץ, ליאַ, ווי אַ





מאָקרע קוריצע, און בלאָזט זיך? — דיינער איז דאָך אַריין אין דער פאַרטיע!... דערלאַנג בעסער מאַהאַריטש...

דוד: טאַקע, לאָה, דערלאַנג עפּעס צום טיש. (לאה גייט און נעמט אַרויס פון אונטערן בעט אַ ליימענעם קרוג, ברענגט פאַרשיידן־קאָלירטע גלעז־לעך, אַ טעלער מיט פרוכט און אַ טעלער מיט סעמעטשקעס. דוד גיסט אָן די גלעזלעך).

אנטאָן: (צו יאַשאַ'ן) דו ווייסט, טאָוואַרישטש, וועמען איר האָט אַריינגענומען אין דער פאַרטיע? — ער איז דאָך פון די בעסטע אודאַרניקעס דאָ באַ אונדז... ער איז אַ בריגאַדיר. דו זעסט יענע ווינטאָווקע? (ווייזט אָן אַפן ביקס וואָס הענגט אַפן וואַנט) ניט איין מאָל איז אונדזער דאַוויד געלאָפן זיך שלאָגן מיט די ווייסע גוואַרדייצעס, אָט מיט דער ווינטאָווקע טאַקע... זיין לעבן אין קאָן געשטעלט. אויך זיינע קינדער האָבן געקעמפט אַף אַלע פראָנטן... איינער איז דער'הרג'עט געוואָרן. (לאה וויינט זיך ווידער פאַנאַנדער).

דוד: (גייט צו צו לאָה'ן, לייגט אַף איר אַרויף די האַנט האַרציק) היינט, לאָה, איז ניט די צייט צו וויינען, לאָמיר בעסער זיך פרייען מיט מיין דערגרייכונג. (ער גייט צו צום טיש, נעמט אַ גלעזל) טאָוואַ-רישטשי, לאַנג לעבן זאָל די קאָמוניסטישע פאַרטיע!

יאַשאַ: פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין אַלע קאַפּיטאַ-ליסטישע לענדער!

אנטאָן: פאַרן געזונט פון אונדזער אודאַרניק דאַוויד!

(אַלע טרינקען, בייסן צו. לאָה גייט צו צו דוד'ן. זי גיט אים די האַנט, זי קוקט אים אַריין אין די אויגן, קאָנטיק אַז זי הייבט אים אָן צו פאַרשטיין. זי וויל עפּעס זאָגן נאָר זי קאָן ניט... יאַשאַ פאַנגט אָן צו זינגען: „עס פייפט און שפּאַלט די פעלזן, שלאָגלער בוי. ס'האָט דורכגעריסן העלער שלאָגלער בוי!" אַנטאָן נעמט די האַרמאָשקע און העלפט אַרויס, דאָס זעלבע טוען די איבעריקע...)

פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט

1932

# קאַנדידאַטן

[ קאמעדיע ]

אַנטיילנעמער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | ריווטשע | 4 | רב וועליע |
| 2 | ברוך מענדל | 5 | באַראַש |
| 3 | שרה באַשע | 6 | שלמה לעווין |

צייט 1932

האַנדלונג קומט פאַר אין אַ פּויליש שטעטל אין דער קאַנצעלאַריע פון דער געזעלשאַפט פאַר שטיצן די קאָלאָניזאַציע אין בירא בידזשאַן. אַ גרויסער צימער אין אַן אַלטן הויז. אין מיטן צימער אַ הילצערנער טיש פול מיט ביכער, בראָשורן און צייטונגען. באַ אַ זייט אַ קליין טישל מיט אַ שרייב־מאַשין. אַ פּאַר הילצערנע בענקלעך. אויף די ווענט בילדער פון קאָלאָניסטן. ביים טישל זיצט ריווטשע — אַ הויכע, שלאַנקע מיידל — און קלאַפּט אָפּ אַ בריוול אַפן שרייב־מאַשין און זינגט זיך צו אַ לידל. ברוך מענדל — אַ מיטליאָריקער, אָפּגעריסענער, דאַרער פּוילישער שטריימל־איד מיט אַ שפּיציק בערדל, און שרה־באַשע, זיין פרוי — אַ קורצע, גראָבע, פאַרשמאָלצענע מאַרק־אידענע, שטעלן זיך אַריין אין טיר.

ברוך מענדל: מאַידל, אַ מאַידל? וואוס, ער איז נאָך אַלץ ניטאָ?

ריווטשע: (מיט פאַרוואורף) דורכן קוימען איז ער ניט אַריינגעפלויגן.

ברוך מענדל: הער נור, די מאַידל!... יאָך וואַרט שוין דו אַ האַלבן טוג.

שרה באַשע: (שרייט) געהערט אַ מאַנסע! מען קלייבט צונויף אַן אוילעם און מען לאָזט זיי אַ גאַנצן טוג וואַרטן!...





ברוך מענדל: טאַקע אַ חיצפּה! גאַנצע וועלמאָזשנע פּאַנעס!...

ריווטשע: שרייט נור ניט אזוי! — איך האָב אייך געהייסן קימען צען אזייגער און איר זייט געקימען פריער, בין איך ניט שולדיק. זיצט דאָרט און לאָזט אַרבעטן!...

שרה באַשע: (נאָכגעבנדיק) טאַקע, ברוך מענדל, וואוס נידזשעסטי?

ברוך מענדל: יידענע! יאָך נידזשע? —יאָך פרעג נור.

(זיי גייען ביידע אָפּ. ריווטשע זעצט זיך ווידער אַרבעטן און זינגט זיך צו. עס שטעלט זיך אַריין רב וועליע, אַ קוליאַווער באַיאַרנטער איד. ער טראָגט אַ פולן קויש מיט געבעקס).

וועליע: (שרייט אויס מיט אַ גמרא־ניגון) קויף געבעקס, ריווקעלע... אַ פריש און גיטס, אַ גיטס און אַ פריש!

ריווטשע: וואָס האָט איר דאָרט, רב וועליע?

וועליע: פרישע באַיגל־פּלעצלעך, און זעמל, ציקער־באַיגל, אייער־באַיגל און פרישע קיכנס.

ריווטשע: גיט אַ קיכן. (ער גיט איר אַ קוכן, זי באַצאָלט און לייגט עס אַוועק).

וועליע: וואוס, ער איז שוין געקימען — אָט דער סאָוועטסקער קאָמיסאַר פון בידזשאַן?

ריווטשע: געקימען.

וועליע: הערסט, ריווקעשי לעבן, יאָך בין טשיקאַווע צו זען, ווי עס זעט אויס אַן אמת'ער ייד אַ קאָמיסאַר... אי, ס'איז משיח'ס צייטן!... הערסט, ריווקעלע, ווען ניקאָלאַיקע, ימח שמו, שטאַיט אויף פון קאַיווער און דערזעט, אַז אונדזערער אַ ייד איז גובערנאַטאָר אין בידזשאַן, וואָלט ער זיכער אייַנגענימען אַ פּאַגירע... הערסט, ריווקעלע, דאָס גאַנצע שטעטל גאַיט באַדראָאָם. ווי מען שטאַיט און גאַיט, שטאַיען רעדלעך און רעדן וועגן דעם סאָוועטסקן... מען זוגט, אַז ער גיט רעגירונגס־שטעלעס נור צי יידן... אי, אי, משיח'ס צייטן!... ער איז עפּעס אַ פיינער מאַן, אָט דער סאָוועטסקער? אַ ציגעלאָזט מענטשל

עפּעס? (ריוּוּטשע שמייכלט) טו הער זשע ריווקעלע, — דו באַ אינדז ווייסט דאָך איז שלעכט, דער דלות פּאַפּט פין אַלע זאַטן, און די ביסט דו אַ גאַנצע מאַכערקע, — טאָ פאַרגעס ניט, אַז מיר זאַנען יורן לאַנג שכאַינים געווען; יאָך מיט דאַן טאַטן אַלע יאורן אין איין שטיבל געדאַוונט, טאָ זע, למען השם, אויסכלאַפּאַטשען פאַר מיר אויך אַ שטע- לע...

ריוּוּטשע: רב וועליע, מיר זיינען ניט אַ ביוראָ פאַר שטעלעס. און די יעניקע, וואָס ווילן פאָרן אין בירא בידזשאַן, דאַרפן זיין מענטשן וואָס קאָנען אַ באַשטימטע מלאָכה.

וועליע: מיינסט אַוואַדע, ריוּוּטשע, אַז אַלע מיינע יורן בין יאָך אַרימגעגאַנגען און געשריען, — „קויפט, יידעלעך, קויפט. אַ פריש און אַ גיטס, אַ גיטס און אַ פריש.“ יאָך האָב אַמול געהאַנדלט; געווען צאַטן אַן איינעם געוועלבל געהאַט... יאָך האָב שוין אין מאָן לעבן טינט געמאַכט, קאַלאָשן פאַרגאָסן, כראַין געריבן, הבדלות געפלאָכטן, ראָזשינקעס-וואַן אַף קידוש געמאַכט...

ריוּוּטשע: דאָס איז אַלץ אַזעלכע מלאכות וואָס אין די סאָ- וועטן נייען זיי ניט אָן.

וועליע: נישקושע, אַזאַ גרוים לאַנד, ווי די סאָוועטסקע, האָט דאָך מסתמא אַ סך שטעלעס, — בפרט אַז מען זיכט נור יידן. דערצו, יאָך בין וויליק אָנצונעמען אַ קלאַינע שטעלע אויך. די זע נאָר כלאָ- פּאַטשע, אפשר וועט ער מיך אָננעמען. נו, יאָך לאַיף שוין. (ער זינגט אויס מיט אַ גמרא־ניגון — אַ פריש און אַ גיטס, אַ גיטס און אַ פריש!... קויפט, יידעלאַך, קויפט — זעמלמעל פון ירושלים... וועליע אָפּ. ריוּוּטשע נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט. עס קומט אָן חבר באַראַש. ער איז אַ מיטליאָריקער, ענערגישען מאַן, קורץ געשאָרן, נעט געקליידעט, טראָגט אַ פּאָרטפעל).

באַראַש: גוט מאָרגן, חבר'טע ריוּוּטשע.

ריוּוּטשע: (דערפרייט) גוט מאָרגן, חבר באַראַש. (באַראַש אָרדנט זיך איין) האָט איר געהאַט דערפאָלג אַף אייער טור?

באַראַש: אָט, ווי געוויינטלעך... עפּעס דאָ פּאָטשט?





ריוּוּטשע: יאָ, דאָ אַ בריוו פון „קאָמזעט“, אַ טעלעגראַמע פון בירא בידזשאַן. (זי דערלאַנגט די פּאָטשט באַראַשן).

באַראַש: (נעמט די טעלעגראַמע, לייענט צוערשט פאַר זיך און נאָך דעם הויך) די טעג זיינען אַהער אָנגעקומען 65 אַרבעטער פון אַמעריקע, אַ טייל פון זיי מיט פאַמיליעס, מערסטנס בוי אַרבעטער, סטאָליאַרעס, מאַליאַרעס און קאַמענשטשיקעס. די אָנגעקומענע האָט מען באַזאָרגט אין ניי-געבויטע באַראַקעס, די וואָס מיט פאַמיליעס וועלן מיר אינ- גיכן געבן באַזונדערע דירות. אַפן צווייטן טאָג זיינען זיי שוין געווען אַף דער אַרבעט. עס פעלט נאָך אַלץ בוי-אַרבעטער. שיקט פראָלעטאַרישע עלעמענטן. (ער לייגט אַוועק די טעלעגראַמע).

ריוּוּטשע: וואוס, מען פאָרט שוין אפילו פון דער גאָלדענער אַמעריקע קיין בירא בידזשאַן?!...

באַראַש: יאָ, אפילו פון דער רייכער אַמעריקע פאָרט מען אין וויטן מזרח. און וואָס איז דאָ צו וואונדערן זיך, אַז דריי פערטל פון דער באַפעלקערונג אין אַמעריקע ליידט הונגער און נויט... יאָ, אין דעם רייכסטן לאַנד פון דער וועלט, וואו ס'איז דאָ אַן איבערפּראָדוקציע אין אַלע געברויך מאַטעריאַלן; אין דעם לאַנד וואו עס איז דאָ צופיל באַנען, צופיל הייזער, צופיל קליידער, צופיל עסנוואַרג האָבן די אַרבעטער ניט וואָס צו עסן, וואַרפט מען אַרבעטער פון די דירות. און דאָס רופן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער „געזעץ און אָרדענונג“. אָבער ניט אויביק וועט עס אַזוי אָנגיין ווייל דער קאַפּיטאַליסטישער בנין איז צעפוילט און עס וועט סוף-כל-סוף מוזן איינפאַלן. (באַראַש פאַררויכערט אַ פּאַפּי- ראָס).

ברוך מענדל: (שטופּט אַריין דעם קאָפּ) ני, מען קען שאַין אַראַן?

ריוּוּטשע: אַז עס וועט קימען אייער אָטשערעד וועל איך אייך אַריינרופן. (ברוך מענדל אָפּ) אַ פריטשעפּע אַ איד, — האַלט אין איין נידזשען אַ גאַנצן פרימאָרגן.

באַראַש: דעם בריוו אין „געזערד“ האָט איר אַוועקגעשיקט?

ריוּוּטשע: יאָ.

באַראַש: עפּעס דאָ אַ סך נייע אַפּליקאַציעס?

ריוּוטשע: פיר הונדערט נייע אַפּליקאַציעס אַריינגעקימען. דאָס גאַנצע שטעטל וויל פאָרן קיין בירא בידזשאַן.

באַראַש: וואָס נוצט עס, אַז דער גרעסטער טייל אַפּליקאַנטן טויגן ניט פאַר אונדז. מיט אַזאַ מענטשן מאַטעריאַל איז ניט מעגלעך צו בויען אַ געזונטע, סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט... (עס דערהערט זיך אַ גערודער און שטימען אין פאָדערצימער: יאָך בין געקימען פריער... ס'איז מאַן שרענגע... נאַין, ס'איז מיין שרענגע. עס שטופּט זיך אַריין ברוך־מענדל און שרה־באַשע).

ברוך מענדל: עץ האָט געהערט?... יאָך זיץ שאַין דאָ פין פאַרטוג און ער זוגט, אַז ס'איז זאַן שרענגע... וואוּס אַ פאַרכאַטש אַ ייד קען!...

שרה באַשע: אַ חיצפּה פין אַ יידן!... דוס שטיפּט זיך נאָך!...

ברוך מענדל: (באַרואיקט זיך, גלעט זיך דאָס בערדל הנאָה'דיק, מיט אַ שמייכעלע) זיי זאַנען טאַקע אַלאַין דער סאָוועטסקי קאָמיסאַר, פאַניע באַראַש, פון סאַמע מאָסקווע אַזש נור?...

באַראַש: (קוקט אָן די פאַרשוינען טשיקאַווע) יאָ, איך בין באַראַש פון סאַמע מאָסקווע. זעצט זיך און מאַכט עס שנעל.

שרה באַשע: (טורקעט ברוך מענדלען אין זייט אַ צופרידענע) הער נור, ברוך מענדל? ער רעדט דאָך אַ שאַינעם יידיש.

ברוך מענדל: (קאָן ניט רוען, אָט זעצט ער זיך און אָט שטעלט ער זיך אויף, שרה באַשע טוט אים נאָך) זיי זאַנען טאַקע אַן אמת'ער קאָמיסאַר און טאַקע אַן אונדזעריקער אַ ייד?

שרה באַשע: שאַיטע, פּרא־אָדם! די הערסט ניט? — אַ מענטש רעדט אַזאַ שאַינעם, פעפערדיקן יידיש, מסתמא איז ער אַ ייד.

ברוך מענדל: יידענע, בעהאַימע! לאָז דוס צו מיר. יאָך וואַיס ווי מען רעדט מיט אַ קאָמיסאַר. שאַין ניט איין מול אין מאַן לעבן גערעדט מיט פאַנעס און כראַביעס.

באַראַש: מאַכט עס קורץ. וואָס ווילט איר אידן?

ברוך מענדל: יאָך וואַיס שוין, אַז עטץ איז געקימען געבן יידן שטעלעס... וויל יאָך אַז עטץ זאָל וויסן דאָס יאָך בין ניט אַבי וואוּס פיר אַן ייד. (ער ווישט זיך אָפּ דעם נאָז מיט אַ שפּיץ פון זיין





זשופּיצע) מאַן טאַטע, הירש בער שוחט, איז געווען אַ ייד אַ למדן זכרונו לברכה. און יאָך אַלאַין קען גיט לערנען אַ בלאַט גמורא, און אַ פּען אין האַנט קען יאָך אויך האַלטן.

שרה באַשע: (מישט זיך אַריין) יאָך זוג אַיך, פאַניע סאָוועט־סקער, מיין מאַן, מיין באָרעך מענדל, איז אַ גרויסער קאָפּ־מענטש, אַ גרויסער אופטועער און אַ גרויסער בעל מח... יאָך זוג אַיך, אַז דורט באַ נאַיך אין בידזשאַן דאַרף עטץ האָבן אַזעלכע מענטשן. (באַראַש קוקט זיך איבער מיט ריוּוטשען,ביידע שמייכלען).

ריוּוטשע: זייט אַזוי גיט און מאַכט עס קורץ, עס וואַרטן נאָך דאָרט אַ היפש ביסל מענטשן.

ברוך מענדל: (האַזעדיק) יאָך רעד ניט צו דיר, יאָך רעד צום פאַני קאָמיסאַר. (צו באַראַשן) אַלזאָ בקיצור, יאָך באָרעך מענדל און מיין פרוי שרה באַשע ווילן וויסן, פאַניע סאָוועטסקער, צי מיר קאָנען קריגן שטעלעס באַ נאַך אין בידזשאַן?

שרה באַשע: יאָך מאַין טאַקע, ניט אַבי וואוּס פיר אַ שטעלע, נור אַן אמת'ע גאָסודאַרסקע שטעלע.

ברוך מענדל: נור איידער וואוּס ווען, וויל יאָך פון ענקס מויל אַליין הערן, צי ס'איז אמת, אַז אין בידזשאַן איז דאָ אַ יידישע מעליכע מיט יידישע מיליציאַנטן און מיט יידישע נאַטשאַלסטווע?

שרה באַשע: (פאַלט אַריין) שאַ, און פאַגראָמען אָף יידן מאַכט מען דורט?

ברוך מענדל: (צופּט זיך זיין בערדל, קריגעריש מיט אַ ניגנדל) בעהיימע וואוּס די ביסט! ס'איז דאָך אַ דבר הידוע, אַז דורט אין בידזשאַן איז אַן אידישע מעליכע און אַן יידישע מיליציע, — ווי קאָן עס געמאָלט זאַן?

שרה באַשע: (אין זעלבן טאָן ווי איר מאַן) חוכעם מאַנער, הלמאי איז דו אין פאַלעסטינע אויך אַ יידישע מעליכע מיט יידישע פאָליציאַנטן און דורט איז יאָ געווען פאָגראָמען!

ברוך מענדל: (מיט כעס) יאָך זוג דיר, שרה באַשע, אַז אין די סאָוועטסקע איז שטרענג פאַרבאָטן צי מאַכן פאָגראָמען. מע שמיסט זאָגאַר, אַז לענין אַלאַין, בכבודו ובעצמו, איז געווען אַ רעבינס אַ זין.

שרה באַשעַ: זעסטי, דוס געפעלט מיר דוקא.

ברוך מענדל: נו, און יידיש, פאַניע קאָמיסאַר, דערלויבט מען דורט רעדן?

באַראַש: יאָ, ניט נאָר אידיש, אפילו טאָטעריש. אָבער מאַכט עס בקיצור. (ריוווטשע, אַף צו להכעיס, הויבט אָן שטאַרק קלאַפּן אַפּן שרייב־מאַשין).

ברוך מענדל: (קוקט אַף ריוווטשע'ן בייז) יאָ, טאַקע, נאָך איין פראַגע און פאַרטיק. מע זוגט, אַז אין בידזשאַן איז פאַראַנען אַזעלכע פיטשעמאַנטשיקע פליגעלעך, וועלכע עסן אויף לעבעדיקע מענטשן.

באַראַש: פאַראַן פליגעלעך, נאָר זיי עסן ניט אויף קיין לע-בעדיקע מענטשן.

ברוך מענדל: זי הערן, כראַביע לעבן, ווען עטץ גיט מיר די אמת'ע גאָסודאַרסקע שטעלע, האָב איך פאַר אין אַ פּאַרטיקס מיטל, ווי אַזוי אַרויסצוטראַבן די פליגעלעך פין בידזשאַן.

ריוווטשע: רב איד, און אַ מיטל ווי אַזוי אַרויסצוטרייבן צוויי פיסיקע בהמות האָט איר אויך? (באַראַש לאַכט זיך פאַנאַנדער).

שרה באַשעַ: עץ דאַרף ניט לאַכן, פאַניע סאָוועטסקע! — מאַן מאַן איז אַ קאָפּ-מענטש, אַ בעל-שכל. ער האָט אַלאַין אויסגעקלערט אַ זאַיגער, וואָס לעשט אַלאַין פין זיך דוס גאַז.

ברוך מענדל: יאָ, יאָך אַלאַין, מיט מיין אייגן קאָפּ האָב עס אויסגעקלערט. און גאָר פּושעט. אַ וועק-זאַיגער מיט אַ לאַנג דין שטריקל צוגעבינדן צום גאַז. אנגעשטעלט, צום ביישפּיל אַף אכט. קימט אכט — הויבט עס אָן צי קלינגען. עס דרייט זיך, דאָס שטריקל דערווייל פאַרציט דעם גאַז. עס לעשט זיך אַלאַין אוים און מע דאַרף ניט מחלל שבת זאַן... איאָ, אַן אַנפאַל? שאַן איינמאָל אַ דערפינדונג!

ריוווטשע: טאָמער, אידן, וואָלט איר אויפגעהערט דורען אַ קאָפּ און גייט אייך געזינטערהייט מיט אייער דערפינדונג צוזאַמען!

ברוך מענדל: (חוצפּה'דיק) וואָס מישט זי זיך אַראַן. יאָך רעד צים פאַניע קאָמיסאַר!... עטץ זענען דאָך פין אינזערע — אַן אמת'ער ייד... יאָך האָב געהערט, אַז מיט פרימקייט איז דורט באַ נ'אָך ניט אַזוי צאַצקעדיק. ני, מאַילע, יאָך קאָן אויסקימען אָן רבנו תמ'ס





תפילין, אָבער אַ פּרק משניות לאָזט מען כאָטש לערנען? ני, און פּסח קריגט מען כאָטש מצות אין בידזשאַן?

שרה באַשעַ: (אַביסל שעמעוודיק) יאָ, טאַקע, האָט קיין פאַריבל ניט. מיר זענען דאָך פאָרט שטיקלעך יידן, טו זוגט זשע מיר טאַקע, פאַניע סאָוועטסקע, אַף אינגס אייגענע נאָמנות, אַ מקוה כשרה אָבער איז כאָטש דאָ אין בידזשאַן?

באַראַש: ניטאָ קיין מקוה כשרה, אָבער דערפאַר זיינען דאָ ביבליאָטעקן, שפּיטאַלן, קינדער-שולן...

שרה באַשעַ: אַ דאַנק גאָט פאַר דעם. כאָטש שילן זאַנען דו. (מיט פרייד) די הערסט, באָרעך מענדל? עס איז דו שילן... נישקושע, וואָס האָב יאָך דיר געזוגט? — דורט וואו ס'גיבט יידן, דורט דאַוונט מען.

באַראַש: הערט זיך איין, אידן, אַזעלכע מענטשן ווי איר דאַרפן מיר ניט אין בירא בידזשאַן.

ברוך מענדל: וואָס פיר אַ מענטשן דאַרפן עטץ דורט?

באַראַש: מיר דאַרפן האָרעפּאַשניקעס, מיר דאַרפן אַרבעטער מיט אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג.

ברוך מענדל: זען זי, כראַביע לעבן, ווען איר רעדט וועגן אַ באַשעפטיקונג, דאַן בין יאָך דוס ריכטיקע פאַרשוין. שאַין ניט איין באַשעפטיקונג אין מאַן לעבן געהאַט. דהיינו (ציילט אַף די פינגער) אַ מלמד געווען, אַ מעקליאַר געווען, אַ קרעמער געווען, געווען ציימן אַז יאָך האָב געהאַנדלט מיט וואַליוטע, געקויפט, פאַרקויפט דאָליאַרן, פונטן, קראָנען, פראַנקן...

באַראַש: (פאַרלירט דאָס געדולד) מיר דאַרפן ניט קיין ספּעקו-ליאַנטן אין סאָוועטן פאַרבאַנד!

שרה באַשעַ: זי הערן, פאַניע סאָוועטסקער, האָבן עטץ אַף אינדז רחמנות און זאָגן זי אינדז ניט אָפּ. מיר שטאַרבן פון הינגער. ס'איז אינדז זייער שלעכט, און דערפאַר טאַקע ווילן מיר פאָרן אין בידזשאַן, אפשר וועט דורט גאָט העלפן.

באַראַש: עס טוט מיר לייד, אָבער איך קאָן אייך ניט העלפן. מיר דאַרפן אין בירא בידזשאַן נאָר אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס.

ב ר ו ך  מ ע נ ד ל: נור פושוטע ארבעטער דארפט איר? און א בעל מח, און אן אויפטוער איז בא אייך גארניט?

ש ר ה  ב א ש ע: (האזעדיק) אזוי גאר! — איר דארפט נור פראסטע ארבעטער און א קאפ-מענטש איז בא אייך גארניט?

ב א ר א ש: גארנים.

ב ר ו ך  מ ע נ ד ל: קים, שרה באשע, — יאך זע שאין, אז מען וועט בא די קאמוניסטלעך ניט קריגן קיין שטעלע.

ש ר ה  ב א ש ע: יא, לאמיר גאין. קאנטיק דער ייד איז א ליטוואק, און בא א צאילעם-קאפ קאן מען קיין האניק ניט לעקן. (ביידע אפ).

ב א ר א ש: (אויפגערעגט) און אזעלכע פארשוינען ווילן דאס פארן קיין בירא בידזשאן.

(ריוווטשע גייט ארוים, עס קומט אריין לעווין, באלד נאך אים קומט ווידער אריין ריוווטשע. לעווין איז א יונגער, קרעפטיקער, ברייט-פלייציגער, ארים-געקליידעטער בחור).

ר י ו ו ט ש ע: דאס איז חבר שלמה לעווין, — א נייער אפליקאנט.

ב א ר א ש: (פריינדליך) זעצט זיך, חבר לעווין. (לעווין זעצט זיך, באראש טראקטירט אים מיט א פאפיראס. זיי פארויכערן) הייסט עס, חבר לעווין, איר ווילט ווערן א קאלאניסט אין בירא בידזשאן?

ל ע ו ו י ן: (מיט א הארטער שטימע, אביסל נערוועז, רעדט אפגעהאקט) יא... כ'האב געהערט, אז אין בירא בידזשאן בויען זיך סאוועטישע קאלאניעס... און מען גיט יידן אלע מעגלעכקייטן...

ב א ר א ש: ווייסט איר אבער, חבר לעווין, אז שווער, זייער שווער קומט אן די בויאונג פון דער סאציאליסטישער ווירטשאפט? — איר'ט דארפן פארקאטשען די ארבל און שווער ארבעטן. איר וועט דארפן גראבן ערד, אקערן, זייען, בויען הייזער. פיל באקוועמליכקייטן פעלן נאך דארט...

ל ע ו ו י ן: דוס איז אלעם א שיבוש... זי הערן, חבר באראש, קיין פויליאק בין יאך ניט, זאל די חברטע זאגן. (ער ווייזט אן אף ריוווטשע'ן) פאר ארבעט שרעק יאך מיך ניט אפ... געטס מיר א סאכע און א האק און יאך וועל העלפן בויען דאס נייע סאוועטישע לאנד. און וועט מען





מיר געבן עפעס צום עסן און א פלאץ וואו דעם קאפ אוועקצולאיגן וועל יאך זיין צופרידן.

ב א ר א ש: וואס איז אייער פאך, חבר לעווין?

ל ע ו ו י ן: צו 16 יאר שוין א וועבער געווען. שפעטער, אז די טליתים-פאבריקן האבן זיך צוגעמאכט, בין יאך געווארן א באלעגולע; געארבעט מיטן טאטן אף איין פיר. אז דאס פערדל איז אויסגעגאנגען פון הינגער, בין יאך געווארן א טרעגער, אנגעלאדן וואגאנעס, ציגל געטראגן, ברעטער געטראגן... לעצטנס איז גאר שלעכט, — ניטא קיין ארבעט. טויזנטער יונגעלייט גאיען דו בא אינדז ארים און זיכן ארבעט און ניטא וואוס צי טון. ווענן עלטערע מענטשן שאין אפגערעדט... מיר שטארבן פושעט פון הינגער. (ער קוקט זיך ארום, רעדט שטיל) זי הערן, חבר באראש, דא איז דאס לעבן א גיהנום, ארבעטער ווערן גע-פייניקט אין די טורמעס. און אם מערסטן ליידן מיר יידן. מען דריקט און מען שטיקט פין אלע זייטן.

ב א ר א ש: יא, די לאגע פון די אידן אין פוילן איז א טרויעריקע. דערפאר בא אונדז, אין סאוועטן פארבאנד, זיינען געלייזט געווארן די פראבלעמען פון די נאציאנאלע מינדערהייטן. דער קאמוניזם האט באפרייט אלע פעלקער און אויך די אידן; טויזנטער אידן זיינען אריינגעצויגן געווארן אין ערד-ארבעט, אין די אינדוסטריען און אין דעם מלוכה אפאראט. דער סאוועטן פארבאנד האט אף שטענדיק אפגעשאפט ראסן-האס, נאציאנאלן האס, פארפאלגונגען און רעכטלאזיגקייט.

ל ע ו ו י ן: און וואוס דערציילט איר עפעס וועגן דעם וויטן לאנד — פין בירא בידזשאן?

ב א ר א ש: איך קום ערשט ניט לאנג פון דארט. איך האב אין בירא בידזשאן פארבראכט א לענגערע צייט און איך קאן אייך מיט זיכערקייט זאגן, אז בירא בידזשאן פארמאגט פרוכטבארע ערד, צוגעפאסט פאר קאלאניזאציע; עס איז דארט דא וואונדערבארע וועלדער, גרויסע טייכן מיט פיש; עס פארמאגט אוימגעהויערע אוצרות מיט מינעראלן, ווי אייזן, קוילן, גראפיט און גאלד. און וואונדער טוען דארט אויף אונדזערע פיאנערן, — זיי בויען א ניי לאנד אף דער טאגיע בא דעם טייך אמור. די ווילדערנישן בא דעם גרעניץ פון מאנדזשוריע

ווערן אין א בליענדיקן ראַיאָן פאַרוואַנדלט... ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט נאָך דאָרט קיין מענטשלאַכע פוס ניט געטראָטן, היינט האָט דער געגנט זיך אינגאַנצן געענדערט אין אויסזען. בירא בידזשאַן בויט זיך. עס וואַקסן דאָרט אוים גרויסע פאַבריקן, ס׳פאָרמירן זיך קאָלווירטן, ס׳ווערן אויסגעשניטן וועלדער, נייע וועגן ווערן דורכגעפירט, עס בויען זיך קאָלעקטיווע אינסטיטוציעס, עס פונדעוועט זיך איין א ניי לעבן. טויזענטער אידן פון אַלע עקן וועלט, וואָס זיינען געווען פאַראורטיילט צו זיין לופט-מענטשן, זיינען איצט געוואָרן פראָדוצירער פון ברויט, פאַרנעמען זיך מיט פי-צוכט, עופות-צוכט, פלאַנצן וויינגערטנער, מאַכן בינשטאָקן. מיט איין וואָרט, זיי בויען דאָרט א גליקלאַכע צוקונפט אין א סאָציאַליסטישן לאַנד...

ריוווטשע: דערציילט אינדז עפעס, חבר באַראש, וועגן דעם קלימאַט דאָרט?

באַראש: בירא בידזשאַן געפינט זיך אין דעם זעלבן קלימאַטישן גראַד ווי דרום פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אין די זומער חדשים פאַלט א סך רעגן, אָבער עס רעגנט דאָרט ניט מער ווי אין אוקראַינע. דערפאַר וואַקסן דאָרט גרויסע ביימער, דערפאַר איז דאָרט אוממעגלעך טריקענישן. דער ווינטער איז א באַשטענדיקער, קאַלטער, אָבער די זון שיינט אין מעשאַך פון די ווינטער חדשים, יעדן טאָג כמעט אָן אַן איבעררייס...

(עס הערט זיך א געפילדער אין פאַדערצימער).

ריוווטשע: (גיט לעווינען א קאַרטל) קימט מאָרגן אָוונט, חבר לעווין, אויף דעם אדרעס און איך וועל אייך באַקענען מיט דער גרופע, וואָס קלייבט זיך אינגיכן פאָרן.

לעווין: (איבערפילט מיט פרייד) גיט, — יאָך וועל זיכער קימען!

באַראש: (גיט אים די האַנט) צום ווידערזען.

לעווין: א גיטן. (לעווין אָפ).

ריוווטשע: ווי געפעלט אייך, חבר לעווין, דער נייער קאַנדידאַט?

באַראש: דאָס איז דער ריכטיקער מאַטעריאַל פאַר בירא בידזשאַן. וואָס פאַר א מהלך צווישן די צעפוילטע, אָפגעלעבטע, אבער-





גלויביקע רעשטלעך מענטשן און די איבערגעבענע שלמה לעווינס!... אַלעס וואָס ער פאַרלאַנגט איז א סאַכע און א האַק און ער איז פאַרטיק צו בויען דאָס נייע סאָוועטישע לאַנד. הלואי קריגן מיר דאָ א סך אזוינע פיאָנערן, וואָלט די אַרבעט אין בירא בידזשאַן פאַרדאָפלט געוואָרן!...

ריוווטשע: ווען מען טרעפט אָן אזוינע חברים ווי שלמה לעווין, ווילט זיך אויסשרייען: לאַנג לעבן זאָל דער פּאָשוטער האָרעפּאַשניק!

באַראש: און לאַנג לעבן זאָל דער סאָוועטן פאַרבאַנד, וואָס גיט די אַרבעטער אַלע מעגלעכקייטן!

פ אָ ר ה אַ נ ג פ אַ ל ט

1932

# באַרג אַרויף

[ איינאַקטער פון סאָוועטישן לעבן ]

## אַנטיילנעמער:

1 גנעשע
2 ר' זעליק
3 בידי
4 טשאַלי
5 אברהם
6 מאָדיק מיט זיינע קלעזמער
7 אַ אידענע
8 ליזאַ

ס'איז פרילינג אָוונט 1932. האַנדלונג קומט פאָר אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין דער אוקראַאינע. נים ווייט פון שטעטל ווערט פאַרענדיקט אַ מאַשין־פאַבריק. עס בויען זיך אין געגנט נייע בלאָקן הייזער, גאַסן ווערן דורכגעבראָכן. ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף זעען מיר פאַר זיך אַ גרויסן עס־צימער פון אַן אַמאָליקער גבירישער הויז, די ווענט זיינען אויסגעקלעפּט מיט אָפּגעבליאַקעוועטע וואַנט־פּאַפּיר פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר. עטלעכע הויכע, טונקל־ברוינע טירן פירן אין די איבעריקע צימערן. די פענצטער זיינען איבערגעהאַנגען מיט האַלבע פאָרהאַנקעס פון פאַרשיידענע קאָלירן. באַ די ווענט שטייען אַ פּאָר איבערגעבליבענע שטיקלעך פון אַן אַלטן אויסגעריבענעם ווייכן גאַרניטור מעבל, אַ בופעט און אַן אַלטמאָדישע גרענד פּיאַנאָ. אין מיטן צימער שטייט אַ גרויסער, מאַסיווער, רונדער טיש. איבערן טיש הענגט אַ גרויסער באַגולטער בליצלאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור. אַרום טיש שטייען שווערע פאַרשיידנאַרטיקע שטולן. אָף די ווענט הענגען בילדער פון קאַרל מאַרקס, לענין, סטאַלין און קאַהאַנאָוויטש צוזאַמען, אויך הערצל, מאָנטעפיאָר און עטלעכע פאַמיליען־בילדער.

ר' זעליק גערשענאָוויטש, דער אַמאָליקער גביר פון שטעטל, אַ הויכער, מאַסיווער איד פון אַ יאָר 65, שטייט אין אַ ווינקל און דאַוונט מעריב. זיין לענגלעכער, גלאַנציקער פּנים איז באַצירט מיט אַ היבש־גרוילעכער באָרד און געגרייזלטע פּאות. פון אונטער זיין אַלטן קאַפּעליוש שטעקט אַרויס אַ סאַמעטענע יאַרמעלקע. זיין שוואַרצע, אָפּגעטראָגענע זשופּיצע איז פאַנאַ־





דערגעשפּיליעט און עס זעט זיך אַרויס אַ טלית־קטן. זיין פרוי, גנעשע, זיצט און לאַטעט אויס אַ קליידל. זי איז אַ קורצע, דיקע פרוי, קוקט אויס אַביסל אינגער פון איר מאַן. זי טראָגט אַ טונקעלע קלייד, וועלכע זי האָט נאָך פון די אַמאָליקע גוטע צייטן. איר גרויע קאָפּ האָר איז באַדעקט מיט אַ שטיפן פאַריק, איבערן פאַריק טראָגט זי אַ געבלומטע פאַטשיילקע. בידי עפּשטיין, אַ יונגע אַמעריקאַנערן, אַ שיינע, אויסגעפּוצטע, בלאָנדע ווייבעלע, קומט אַריין. זי איז געקליידט געשמאַקלאָז־אַמעריקאַניש.

בידי: מיסעס גערשענאָוויטש, איר פיקסט נאָך אַלץ די אַלטע דרעס? — באַ אונדז אין אַמעריקע וואַרפט מען שוין בעסערע אַרויס אין גאַרבעדזש אַריין.

גנעשע: מאַלע וואָס באַ אייך אין אַמעריקע... אַ געבענטשט לאַנד די אַמעריקע!...

בידי: אַלבעטשיו — אַ געבענטשט לאַנד. דאָ באַ אייך, אַז איינער טוט זיך אָן ווי אַ מענטש און ער גייט אַרויס אין סטריט פאַר אַ וואָס, קוקט מען אָף אים, ווי אָף אַ ווילדן בער.

גנעשע: דו רעדסט, בידעלע, פון קליידונג, — דאָס זאָל זיין מיין לעצטע זאָרג. איך דאַנק גאָט, אַז איך שקראַבע צוזאַמען דאָס ביסל עסן. אַז פאַר יעדן פּיצעלע דאַרף מען דאָך שטיין גאַנצענע שטונדן אין אָטשערעד.

בידי: באַי אַס אין אַמעריקאַ ווייסט מען ניט פון אַזעלכע זאַכן ווי אָצערע, מען טראָגט אייך אַלץ אין הויז אַריין... מיסעס גערשענאָוויטש, איר האָט געדאַרפט אָנקוקן מיין אַמעריקאַ!... וואָס פאַר אַ ריטש קאָנטרי דאָס איז! וואָס פאַר אַ לוקסוס!... איר האָט געדאַרפט אָנקוקן ניו יאָרק. וואו איר גייט טרעפט איר אָן הונדערט־פלאָריקע סקיי־סקרעיפּערס, גראַנדיעזע פּאַלאַצן, פּראַכטפולע פּאַרקס. וואו איר גייט טרעפט איר סטאָרס אָנגעפּאַקט מיט אַלדאָסגוטס. אַל אָוועה די סיטי טרעפט איר די מאָסט אַפּ־טו־דעיט טעאַטערס, מואוויס, רייכע קאַבאַרעטן און רעסטאָראַנען... מיסעס גערשענאָוויטש, איר האָט נעדאַרפט אָנקוקן בראָדוויי ביינאַכט! מיליאָנען עלעקטרישע לאָמפּן שיינען. דאָרט ביינאַכט איז ליכטיקער, ווי דאָ באַ אייך אין די דעי טאַים. וואו מען גייט הערט איר געזאַנג, מוזיק... אָט דאָס הייסט

א לעבן. ווען מיין לואי פאָלגט מיך, וואָלט איך מאָרגן צוריקגעפאָרן קיין אמעריקא.

ג נ ע ש ע: איך מעג אויך דאַנקען גאָט פאַר אייער אמעריקע. ווען די קינדער וואָלטן ניט צוגעשיקט די דאָלאַרן פון אמעריקע, גאָט ווייס צו וואָס מיר וואָלטן געקומען. מיט די אמעריקאַנער דאָלאַרן, אַז מען קומט אַריין אין טאָרגסין, קריגט מען טאַקע וואָס מען וויל... הערסט בידעלע, צען דאָלער שיקן זיי יעדן חודש. זיי פלעגן אַמאָל שיקן 25 דאָלער אַ חודש, איז געווען טאַקע גוט, אָבער לעצטנס, שרייבן זיי, אַז דער מצב איז דאָרט אויך ניט אַזוי אַי, אַי, אַי... עפּעס ווערט אייער אמעריטשקע אויך קאַליע.

(ר' זעליק פאַרענדיקט דעם דאַוונען. קאַנטיק, אַז ער האָט אונטערגעהערט דעם געשפּרעך. ער גייט צו מיט אַ ספר אין האַנט און זעצט זיך באַם טיש. ער רעדט מיט אַ ניגדל, ציט אויס זיינע רייד, כאַפּט אָפּט אַ שמעק טאַבאַק. ווען ער נעמט ניט קיין אַנטייל אין געשפּרעך, לערנט ער אין דער שטיל, אַריינ־קוקנדיק אין זיין ספר).

ז ע ל י ק: זאָרג זיך נאָר ניט, גנעשע, פאַר אמעריקע, — זי איז נאָך געגוג רייך... וואָס איין ראָקפעלער פאַרמאָגט האָט עס ניט דערוויל גאַנץ רוסלאַנד.

ב י ד י: ניטאָ נאָך אַזאַ קאָנטרי ווי אמעריקא! דאָס איז אַ לאַנד פון גרעיט אָפּאָרטיוניטיס. איבערהויפּט איז דאָס אַ גאָלדן לאַנד פאַר אידן. די גרעסטע ביזנעס, די גרעסטע בענק באַלאַנגען צו אידן. אלע דעפּאַרטמענט סטאָרס באַלאַנגען צו אידן. וואו איר גייט זעט איר אַף די סטאָרס אַזוינע טיפּיקעל אידישע נעמען ווי הורעוויטש, ליפּשיטץ, קאַהאַן, גאָלדבערג...

ז ע ל י ק: אמעריקע איז שוין איין מאָל אַ טייערע לאַנד און אַ פרייע לאַנד פאַר אונדז אידן!...

ב י ד י: איר הערט, מיסטער גערשענאָוויטש, אין אמעריקע איז דאָ ריעל דעמאָקראַסי. אלע מענטשען געניסען דאָרט פולע ליבערטי. וואָס דו ווילסט טוסטו; וואָס פאַר אַ ביזנעס דו פאַרטראַכסט — יו קען מעיק איט. דו ווילסט, פאַראינסטנס, בויען אַ סינאַגאָג צום דאַוונען אָדער אַ טשוירטש, העלפט נאָך די רעגירונג אַרויס. אָט דאָס





הייסט באַ מיר ליבערטי און דעמאָקראַסי פאַר אַלעמען. און דאָ, צו וואָס מען רירט זיך צו — טאָר מען ניט...

ז ע ל י ק: אַז דאָ האָבן זיי נאָר איין שולחן-ערוך. אַז קאַרל מאַרקס האָט געזאָגט „לאַ״ מיט אַן אלף, טאָר מען ניט. אַ פיינעם תכלית האָבן זיי געמאַכט פון אונדזער לאַנד! האַנדל — צעשטערט, די פאַמיליעס — צעבראָכן. די רעליגיע געמאַכט צו שפּאָט. אַ תל גע־מאַכט פון אַלץ!... מאַכשאָוועסן, וואָס קאָן מען דערוואַרטן פון שוסטער־יונגען און בינדוזשניקעס!...

ג נ ע ש ע: ווי שטייט דאָרט אין די הייליקע ספרים: וויי צו דעם לאַנד, ווען אַ דינסט-מויד ווערט אַ האַרענטע.

(עס קומט אַן טשאַרלי מיט אַ גיטאַר אונטערן אָרים. טשאַרלי איז אַ יונגער אַמעריקאַנער ספּעך־מעכאַניקער).

ט ש א ר ל י: (גוטמוטיק) זדראַווסטוואויטע גראַזשדאַנע גערשע־נאָוויטשי!... האַלאָ, מיסים עפּשטיין!

ב י ד י: (דערפרייט, קאַקעטיש) אָ, האַלאָו, טאָווארישטש טשאַרלי! האַאו אַר יו?

ט ש א ר ל י: אָלרייט... אַ וואו איז לואי?

ב י ד י: אין פעקטאָרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. זיי לאָזן אים דיינע טאָוואַרישצעס ניט אָפּ...

ט ש א ר ל י: און וואו איז ליזאַ?

ב י ד י: זי איז קיינמאָל אין הויז ניטאָ. אַלע מאָל ביזי — בייטאָג מיט די טשילדרען, און ביינאַכט מיט די פּויערטעס. זי וויל מאַכן אַלע גראַזדאַנקעס פאַר געבילדעטע דאַמען.

ט ש א ר ל י: דו רעדסט, בידי, אַלעמאָל אַזוי סאַרקאַסטיש. ס'גע־פעלט דיר נאָך אַלץ ניט די סאָוועטסקע רעגירונג?

ב י ד י: וואָס איז דאָ צו געפעלן? —האָנגער, נויט און דווירט קאָן ניט געפעלן.

ט ש א ר ל י: דו פאַרגעסט, בידי, אַז סאָוועט רוסלאַנד איז אַ ניי לאַנד, דער גאַנצער געגנט דאָ אַרום בויט זיך. מיר פאַרענדיקן די צייטן אַ נייע פעקטאָרי. גאַנצע בלאָקס הייזער בויען זיך. סטריטס ווערן געברוקירט. און אין אַ צייט ווען מען בויט, איז נעוויינלעך אָנגעוואָרפן,

שמוציק, אָבער שפּעטער, ווען אַלעס וועט פאַרטיק ווערן, וועט זיין גערעם, ציכטיק און בעקוועם.

בידי: וואָס אַמאָל וועט זיין ווייס איך ניט, דערווייל איז נאָ גוד היר.

זעליק: ביז וואַנען מען וועט דערלעבן די נחמה, וועט אַרויס די נשמה.

טשאַרלי: קאַנטיק אַז אייך פאַר קאָמוניסטן וועל איך שוין ניט מאַכן. (ער קוקט אַף זיין זייגערל) עס ווערט שפּעט... אפשר, בידי, ווילסטו גיין מיט מיר אין „דאָס קולטורי״? דאָרט ווייזט מען היינט אַ פּיקטשע פון טשאַרלי טשאַפּלין און אונדזער מאַנדאָלין אָרקעסטער וועט שפּילן.

בידי: סאָם אַטרעקשאָנס! באַלד וועל איך זיך גיין שלעפּן אין דער פינצטער אין די בלאָטעס און איינשמוצן מיינע שוהס און קליי־דער צו זען אַ פּיקטשע, וועלכע איך האָב שוין פאַר שור געזען מיט פינף יאָר צוריק אין אַמעריקאַ!

טשאַרלי: נו, דו ווילסט ניט? — גיי איך אַליין.

בידי: ווייסטו וואָס, טשאַרלי, זיי אַ גוד באָי און שפּיל עפּעס אַפן גיטאַר אַן אַמעריקען סאָנג און איך וועל דיך אַקאָמפּאַנירן.

טשאַרלי: גוט, איינס אַן אַמעריקאַנישע און אַ צווייטע — אַ סאָוועטישע זאַך. (טשאַרלי שפּילט, בידי אַקאָמפּאַנירט. ווען זיי ענדיקן) נו, איצט מוז איך לויפן. גוד נייט, עווערי־באָדי!... דאָסווידאַניע! גריסט ליזאַן!...

בידי: אָ־קעי, גוד נייט, דאַרלינג, קאָל עגעין! (טשאַרלי אָפּ) אַ פאַני טינג מיט אייערע סאָוועטס, זי מאַכט קלוגע, נאָרמאַלע מענטשן קרייזי. דאַכט זיך אַזאַ סמאַרט פעלער, אָט דער טשאַרלי איז, און ער האַלט אויך מיט די באָלשעוויקס!

גנעשע: מען זאָגט, אַז ער איז אַ געבאָרענער אַמעריקאַנער, און זיינע עלטערן זיינען אויך אַמעריקאַנער, און פונדעסטוועגן געפעלט אים דאָ... מען דערציילט אויך אַז ער לערנט זיך רוסיש.

זעליק: מען שמועסט, אַז זיין טאַטע איז גאָר אַ גרויסער גע־שעפטסמאַן אין די וואָל־סטריטן אין אַמעריקע, און אַז ער איז אַ בן־





יחיד. און אַ זוינער וויל דאָ פאַרבלייבן... אַלערליי משוגעים דאָ אַף דער וועלט!...

בידי: (מיט אַ טאָן און מינע פון גרויס וויכטיקייט) איר ווייסט, מיסטער און מיסיס גערשענאָוויטש, מיר דוכט אַז טשאַרלי ליבט אייער דאָטער ליזאַ.

זעליק: אַזוי גאָר!

גנעשע: דענקסטו טאַקע?

זעליק: טאָ זאָג זשע מיר, טאָכטער, איז עס אַ גוטער שידוך? און די הויפּט זאַך — צי איז ער אַ איד?

גנעשע: יאָ, טאַקע, בידעלע, זאָג דעם אמת, איז ער אַ איד? ווייל דאָס וואָס ער רעדט אידיש איז נאָך ניט קיין באַווייז, — אַ סך גוים רעדן אידיש היינטיקע צייטן.

בידי: יאָ, שור, ער איז אַ איד. זיין טאַטע איז פּרעזידענט אין אַ טעמפּל.

זעליק: אויב אַזוי איז גוט.

(בידי גייט צו צו דער פּיאַנאָ און קלאַפּט אויס אַ פריילעך לידל. אין פאָדערצימער הערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּן מיט דער קליאַמקע פון טיר).

גנעשע: ווער קלאַפּט עס דאָרט? (מען קלאַפּט ווידער).

זעליק: (שרייט) קום אַריין! (עס קומט אַריין אברהם, ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר 28, ער קוקט אויס מיד און צעוואָרעמט פון וועג. זיין לעדערנער אויבעררעקל און זיינע שמאָלע ברוינע הויזן זיינען באַדעקט מיט שטויב. ער האַלט אין איין האַנט אַ היפּשן טשעמאָדאַן און אין דער צווייטער האַנט אַ פּעקל. אַ ווײַלע בלייבט ער שטיין באַם טיר, קוקט זיך אַרום און פּרובירט עמיצן צו דערקענען).

אברהם: זייט איר די פאַמיליע גערשענאָוויטש?

זעליק: יאָ, דאָ וואוינען די גערשענאָוויטשעס. און ווער ביסטו?

גנעשע: אוי וויי איז מיר, זעליק! — דו דערקענסט אים ניטן — דאָס איז דאָך אברהמל, מיין ברודער מאָטלעס אַ זון, — פון אַמע־ריקע!

זעליק: אוי, טאַקע! — גאָר ניט דערקענט. (ער גיט אים שלום עליכם).

ג נ ע ש ע: אָט אַ גאַסט! (זי נעמט בײַ אים צו די פּעקלאַך) קום, וואַש דיך איין. ביסט מסתמא גוט הונגעריק. (זיי גייען אָפּ אין פאָדער־הויז).

ז ע ל י ק: דאָס איז אויך אַן אַמעריקאַנעץ. אברהמל הייסט ער. ער איז מיין שוואָגער מאָטלס אַ זון.

ב י ד י: איך האָב באַלד רעקאָגנייזט, אַז ער איז מיינער אַ קאַנטרי־מאַן.

ז ע ל י ק: ווען ער האָט פאַרלאָזן רוסלאַנד, איז ער נאָך גאָר אַ קליינטשיק געווען... אוי ווען מיר דאָס אַריינקריגן גרוסן פון אונדזערע קינדער!...

ב י ד י: נאָך אַן אַמעריקען, וועט זיין פריילעכער. זיין מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורײדן. (גנעשע און אברהם קומען אַריין. אברהם איז איצט שוין אָפּגעוואַשן און אין אַ רעקל. גנעשע נעמט זיך גרייטן דעם טיש, טראָגט עסנס, און רעדט פאַר זיך — „אָט אַ גאַסט").

ז ע ל י ק: זיי באַקאַנט, אברהמל! דאָס איז מיינע אַ שכנה, אויך אַן אַמעריקאַנערקע, בידי עפּשטיין הייסט זי. איר מאַן איז דאָ גלאָוונער אינזשעניער.

ב י ד י: (קאָקעטיש) וועריִ גלעד טו סי עי קאַנטרימען. (זי גיט די האַנט אברהמען. אברהם באַטראַכט בידי'ן און אים ווערט באַלד קלאָר מיט וואָס פאַר אַ פּערזאָן ער האָט דאָ צו טאָן) פון וועלכער שטאָט קומסטו?

א ב ר ה ם: (ענטפערט אומוויליק) פון דעטראָיט.

ב י ד י: סאָם טאַון, טהאַט דעטראָיט! די גרעסטע פאָרד פאַבריקן געפינען זיך דאָרט.

ג נ ע ש ע: נו, גיי צום טיש, אברהמל. (אברהם זעצט זיך ביים טיש) עס, אברהמל, שעם זיך ניט. (אברהם עסט מיט אַפּעטיט) האָב קיין פאַריבל ניט, דאָ עסן מיר נאָך אַלץ גראָבע אכילות.

א ב ר ה ם: די היגע עסנס זיינען געזינטער פון די אַמעריקאַנער.

עס שטעלט זיך אַריין מיטאַמאָל מאָדיק דער קלעזמער מיט זיין אָפּגעריסענער בעטלער־קאַפּעליע).

מ א ד י ק: (הכנעה'דיק) אַ גוטן אויף אייך האָכגעשעצטע אַמערי־קאַנצעס! (אָנווייזנדיק אויף אברהמען) אָט דאָס איז דער פרישער אַמע־





ריקאַניעץ. (ער גיט אַ קאָמאַנדע צו זיין קאַפּעליע) שפּילט, חברה, לכבוד דעם חשוב'ן גאַסט פון אַמעריקע און לכבוד האשה הצנועה, דער באַרימטער אַמעריקאַנער אינזשיניערשע, מאַדאַם עפּשטיין. (די קאַ־פּעליע פאַנגט גלייך אָן שפּילן אַן אַלט־מאָדיש פריילאַכס. מאָדיק דיריגירט אַ ווײַלע מיט זיין סמיטשיק און נאָך דעם נעמט ער ענערגיש מיטשפּילן אויף זיין אַלטער פידל. זיי ענדיקן).

מ א ד י ק: (צו אברהמלען) זאָלן מיר נאָך שפּילן, גראַזשדאַנין אַמעריקאַניעץ?

א ב ר ה ם: קאָנט איר שפּילן לענינס ליבלינג ליד?

מ א ד י ק: געוויס קאָנען מיר. וואָס? מיר זיינען עפּעס ניט קיין סאָוועטישע מענטשן! (מאָדיק זינגט אָפּריער אויס אַביסל דעם ניגון, גיט אַ מאַך מיטן סמיטשיק. זיי פאַנגען אָן צו שפּילן. ווען זיי ענדיקן, גיט זיי אברהם אַ פּאָר זילבערנע מטבעות. בידי גיט זיי אַ גאַנצן דאָלאַר. די קלעזמער זיינען מלא שמחה).

מ א ד י ק א ו ן ד י א י ב ע ר י ק ע ק ל ע ז מ ע ר: גאָט זאָל אייך געבן געזונט און לאַנגע יאָרן... וואוילע מענטשן די אַמעריקאַנ־צעס!... טייערע מענטשן... (די קאַפּעליע גייט אָפּ. בידי נעמט זיך פּוצן אירע נעגל).

א ב ר ה ם: קוקט אויס ס'זיינען נאָך פאַרבליבן אַ היפּש ביסל מענטשן פון אַמאָליקן דור, וועלכע קאָנען זיך ניט צופּאַסן.

ז ע ל י ק: אַז מען האָט אַלץ חרב ומוחרב געמאַכט, היינט ווי קאָן מען זיך צופּאַסן?

א ב ר ה ם: פּעטער, מען האָט דאָ בלויז חרב געמאַכט די אַלטע קאָנסערוואַטיווע וועלט און אויף איר פּלאַץ בויט מען אַ מאָדערנע פּראָ־לעטאַרישע וועלט.

ז ע ל י ק: אָט האָסטו דיר! — ערשט געקומען און רעדט שוין מיט זייער לשון.

ג נ ע ש ע: נו, עס בעסער, אברהמל, — אַז דו וועסט זיך אויס־רוען וועלן מיר שמועסן... (עס לויפט אַריין אַ צעפּאַטלטע, אָפּגעריסענע, גרויע אידענע מיט אַ גרויסן פּאָרטרעט אין אירע הענט. זי לויפט צו מיט אימפּעט צו אברהם'ען).

אידענע: דו ביסט דאָס דער נייער אַמעריקאַניעץ?

אברהם: יאָ, איך.

אידענע: טו מיר אַ טובה, יונגערמאַן, און גיב בלויז איין קוק אַף אים. דו וועסט אים זיכער דערקענען. דאָס איז מיינער אַ זון, דאָס איז מיין שלומקה (זי שטופּט אים דעם פּאָרטרעט אין פּנים אַריין) ער געפינט זיך אין מעקסיקע, אַמעריקע... שוין באַלד צוויי יאָר אַז איך האָב פון אים ניט געהערט. דו מוזט אים זיכער קענען...

אברהם: עס טוט מיר לייד, איך קען אים ניט. איך בין קיינ-מאָל ניט געווען אין מעקסיקאָ.

אידענע: דו ביסט דאָך אָבער אַן אַמעריקאַניעץ! — קוק זיך גוט צו, האָב רחמנות.

אברהם: איך קען אים ניט.

אידענע: אפשר פאָרט, האָסטו אים ערגעץ וואו אָנגעטראָפן? שלומקע ווילייטשיק הייסט ער, ער איז אַ קאַמאַשען-שטעפּער, ער איז 32 יאָר אַלט, אַ קורצער מיט געקרייזלטע האָר.

אברהם: ניין, איך קען ניט אייער זון.

אידענע: שאַ, אפשר קאָנסטו מיין מומע זלאַטקע? זי וואוינט אין ברוקלין, אַמעריקע. איר פאַמיליע איז באָקסערמאַן. זי, זאָגט מען, איז שטיין רייך, נאָר זי וויל די קרובים ניט אַרויסהעלפן; זי ענטפערט ניט אַף די בריוולעך וואָס מען שיקט איר.

אברהם: איך קען ניט אייער מומע זלאַטקע.

אידענע: זי מוזסטו זיכער קענען. מיין מומע זלאַטקע איז זייער אַ רייכע. זי האָט אַ גרוים געשעפט, הייסט עס „קאַנדאַסטער". ..

אברהם: איך האָב קיין מאָל ניט געהערט פון אַ געשעפט וואָס הייסט „קאַנדאַסטער".

אידענע: לאַנדסלייט האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז עס איז אַ געשעפט, וואָס באַשטייט פון אַ סך געשעפטן צוזאַמען. דאָס איז אַ סעלצערסקי מינעראַלני זאַוואָד, אַ קאָנדיטערסקי געשעפט, אַ מאָראָ-זשענע געשעפט און אַ טאַבאַטשני מאַגאַזין, און אַלעם צוזאַמען הייסט דאָס „קאָנדאַסטער".

בידי: איר מומע האָט אַ קענדי סטאָרקע אין בראָנזוויל.





אידענע: יעצט ווייסט איר שוין?

אברהם: ניין, איך קען נאָך אַלץ ניט אייער מומע זלאַטקע.

אידענע: מילא, פאַר מיין מומען אַרט מיר ניט. זי איז אַ חזיר'טע געווען און אַ חזיר'טע געבליבן. זאָל זי כאָטש אַמאָל צושיקן אַ דאָליאַר אַף אַ רפואה! פון מיינעטוועגן מעג זי דאָרט איינגעמען אַ מיתה-משונה. אָבער מיין זון שלומקע, ער זאָל ניט שרייבן, איז מיר אַ וואונדער! — אַזאַ טייער קינד געווען. מסתמא האָט מיט אים אַן אומגליק געטראָפן... שאַ, אפשר פאָרט וועסטו אים דערקענען (זי שטופּט אים ווידער אין פּנים דעם פּאָרטרעט).

אברהם: כ'לעבן ניט באַגעגנט אַזאַ מענטשן.

אידענע: וויי איז מיר און ווינד איז מיר!... שוין צוויי יאָר ניט געהערט פון מיין שלומקען. פאַרפאַלן געוואָרן ערגעץ דאָרט אין דער גאָלדענער אַמעריקע... (אידענע אָפּ).

גנעשע: וואָס האָט דאָרט אַזוינס טאַקע געטראָפן מיט איר זון?

בידי: מייבי, ער דאָרט חתונה געהאַט פאַר אַ ריטש אַלמנה און גאָר פאַרגעסן אָן זיין פּור מאַמאַ אין די אָלד קאָנטרי. (עס קומט אַן ליזאַ מיט אַ פּאָרטפעל אין איין האַנט און אַ בוך מיט צייטונגען אין דער צווייטער האַנט. ליזאַ איז אַ שוואַרץ־חנ'עוודיק מיידל פון אַ יאָר 26. זי איז קורץ געשאָרן. געקליידעט איז זי אָרים, אָבער מיט געשמאַק. זי גריסט אַלעמען. עס איז קאָנטיק, אַז ליזאַ און בידי הויזן איינע מיט דער אַנדערער ניט איבעריקס גוט).

בידי: ליזאַ, געווען דאָ טשאַרלי, — געלאָזט דיר גריסן ווערי מאָטש. (ליזאַ ברענגט אין אָרדנונג אירע ביכער און העפטן און ענטפערט ניט בידין).

גנעשע: (גייט צו צו ליזאַן) מיר האָבן דאָ אַ גאַסט, טאָכטער. מיין ברודער מאָטלס אַ זון פון אַמעריקע. באַקענט זיך, — אברהם הייסט ער.

(ליזאַ און אברהם קוקן זיך פריינדלעך אָן און גיבן איינער די אַנדערע די הענט).

ליזאַ: זייער אַנגענעם (זי גייט אָפּ אין די אינערלעכע צימערן).

זעליק: נו, דערציייל, אברהמל, וואָס מאַכט עפּעס דער טאַטע דיינער? די איבעריקע קינדער?... ווי גייט עס זיי? (ליזאַ קומט אַריין מיט אַ פּאַק פּאַפּירן אין איר האַנט, זעצט זיך באַם טיש).

אברהם: קיין איבעריקס גוטע נייעס האָב איך ניט פאַר אייך. די מאַמע איז שוין באַלד אַכט יאָר טויט. דער טאַטע איז אַלט און קראַנק געוואָרן. ער קאָן שוין מער ניט אַרבעטן אין שאַפּ, איז ער געוואָרן אַ פּעדלער. ער שטייט אין גאַס און פאַרקויפט זאָקן. מיין ברודער, איזי, האָט חתונה געהאַט. ער איז שוין אַ טאַטע פון צוויי קינדער. ער איז אַ טעקסי-דרייווער, באַ אייך הייסט דאָס איזוואָז-טשיק. ער וואוינט אין ניו יאָרק. ער איז אַ גרויסער אָרימאַן. די איבעריקע קינדער שלעפּן זיך אַרום אין די גאַסן און זוכן אַ דזשאַב. איך אַליין בין אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט דריי יאָר... ..

ליזאַ: אָט האָט איר אייך די אַמעריקאַנער גליקן!...

גנעשע: (וויינט) ווייי איז מיר! אַזוי שלעכט איז דאָס דאָרט! — ניט אומזיסט שרייבן די קינדער שלעכטע בריוו.

בידי: עט, נאַט סאָ טעריבל יעט. אַמעריקע איז נאָך איצט, אפילו אין קריזיס צייט, די רייכסטע לאַנד אין די וואָילד.

אברהם: אמת, אַמעריקע איז נאָך איצט אויך די רייכסטע לאַנד, זי פאַרמאָגט די שנעלסטע באַנען, די גרעסטע געביידעס, די נייסטע מאַשינען, טויזנטער אָנגעלאָדענע שפּייכלערס מיט עסנווארג פאַרמאָגט אַמעריקע. אָבער די מאָדערנע מאַשינערי האָט אַ סך מענטשן אַרויסגעטריבן פון די פאַבריקן. צו באַשעפטיקן אַלע אַרבייטער האָבן די קאַפּיטאַליסטן געדאַרפט איינפירן קורצע שטונדן און צאָלן אַ מענטשלעכן געהאַלט. דאָס טוען זיי אָבער ניט, איז דער רעזולטאַט דערפון זייער אַ טרויעריקער, — טויזנטער מענטשן קומען אָן צו טשאַריטיס, מיליאָנען מענטשן גייען אַרום אָן אַרבעט און ליידן נויט.

ליזאַ: אַזוינס קומט פאָר אין אַלע בורזשואַזנע לענדער. די קאַפּיטאַליסטן זייגן דאָרט שטענדיק דאָס בלוט פון דעם פּראָלעטאַ-ריאַט.

בידי: איר מעגט זיך ריידן וואָס איר ווילט, — אַמעריקע איז עני טיים גוד איִנאָף פאָר מי!





אברהם: און איך האָב באַשלאָסן דאָ צו פאַרבלייבן. איך גיי דאָ אַרבעטן אַפן טראַקטאָר פאַבריק.

ליזאַ: (דערפרייט) איך האָב גאָר ניט געוואוסט. דו ביסט, אַבראַם, אַ טראַקטאָריסט! גוט, אויסגעצייכנט! גוטע טעכניקער דאַרפן מיר דאָ.

גנעשע: איך ווייס ניט, אברהמל, צי דו וועסט זיך קענען דאָ צוגעוואוינען. באַ אייך, אין אַמעריקע, ווי שלעכט עס זאָל ניט זיין, וואוינט יעדער אַרבעטער אין אַ וואַרעמער דירה, מיט הייסע און קאַלטע וואַסער פון אַ קראַנט, מיט אַן איינענער וואַנע, און אַ ליעדניק. דאָ וועסטו דאָס ניט קריגן...

זעליק: דו וועסט דאָ זיין צופרידן, אַז דו וועסט האָבן גענוג ברויט צו עסן.

ליזאַ: לאָז זיך ניט אָנשרעקן אַבראַם. ס'איז אַ ליגן! דער וואָס אַרבעט, יענער האָט צום עסן. און די אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס איר האָט אין אַמעריקע, וועלן מיר גאָר אינגיכן דאָ אויך אַריינ-קריגן. די לאַגע דאָ באַ אונדז ווערט בעסער פון טאָג צו טאָג.

זעליק: איך זאָג מיר מיינס — אַמאָל איז דאָ געווען גוט. אידן האָבן געהאַנדלט, געטאָן מסחר, געהאַט קראָמען, געהאַלטן אַרענ-דעס, געקויפט, פאַרקויפט און געמאַכט אַ שיין לעבן. אַ מענטש האָט געהאַט אַ ווערדע. מ'האָט ניט אויסגעציילט דעם ביסן אין מויל. זיינען געקומען די באָלשעוויקעס און האָבן געמאַכט פון אַלעם אַ תל.

ליזאַ: נו, פאַרשטייט זיך, אַמאָל איז דאָ געווען גוט פאַר די לופט-מענטשן, פאַר די שאַכער-מאַכערניקעס, פאַר די הויט-שינדער; היינט איז דאָ אַ לעבן פאַר די האָרעפּאַשניקעס... אַמאָל איז אין אונדזער געגנט געווען אַ טונקל לעבן. — אַ פּאָר שטיבלעך דאָ, אַ כוטער דאָרט, אָן אַ ברעקל צוזאַמענלעבן, אָן אַ שטרעבונג צו עטוואָס בע-סערס. און איצט קאָלווירטן, געווערב-קאָאָפּעראַטיוון, פאַבריקן, קול-טורעלע אינסטיטוציעס. מען אַרבעט קאָלעקטיוו — דער איד, דער גוי, אַלע צוזאַמען.

אברהם: ס'איז אַלץ אמת, ליזאַ... איך האָב ערשט אַרומגערייזט

איבער די סאָוועטן, און איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי איבעראַל בוים מען ענערגיש אַ געזונט, ניי לעבן.

בידי: אַלץ וואָס איר הערט דאָ איז, אַז סאָם דעי, וועט דאָ זיין גוט. גאָט וויים ווען, און דערווייל גיב זיי אַוועק דעם לעבן... לעט מי טעל יו, איר זייט אַלע אַ באַנטש אָף פולס!... נאָ סערי, איך מיט מיין לואין פאָרן אַפּצוריק קיין אַמעריקע.

ליזא: איר קאָנט פאָרן — קיינער האַלט אייך ניט. טויזנטער וועלן אויף אייער פּלאַץ קומען. מיר האָבן שוין מער ניט קיין מורא פאַר אייך, ווייל מיר האָבן שוין דערצויגן אונדזערע אייגענע קאַדרעס פון קוואַליפיצירטע אינזשיניערן, טעכניקער און מעכאַניקער... מיר גייען מיט זיכערע טריט באַרג אַרויף צום זיג.

אברהם: איר הערט, מענטשן, 18 יאָר האָב איך אַוועקגעגעבן דעם פאַרשקלאַפּערשן קאַפּיטאַליזם, איך האָב מיט מיין בלוט און שווייס רייך געמאַכט אַ קליין הייפעלע באַסעס; פון היינט אָן און ווייטער, וועל איך אַרבעטן פאַר דעם לאַנד, וואָס פירט איין קאָלעקטיוויזם, קאָאָפּעראַציע; פאַר דעם לאַנד וואו אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון רעליגיע און ראַסע, זיינען גלייך...

ליזא: בראַוואָ טאָוואַרישטש! אַזוי רעדט אַ חבר, וועלכער קומט העלפן בויען!... אַזוי רעדט אַ באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריער!

אברהם: שוין איצט איז דער סאָוועטן פאַרבאַנד דאָס איינציקע טרייסט פון די אונטערדריקטע אַרבעטער-מאַסן פון דער גאַנצער וועלט. און די צייט איז נאָענט אַז אַנשטאָט דעם וואָס מען פלעגט אַמאָל עמיגרירן קיין אַמעריקע, וועט מען זיך נעמען לויפן אַהער אין די יו-עס-עס-אַר.

ליזא: מיר זיינען אַן ערפאָלג, ווייל מיר ווייסן וואָס מיר ווילן. אונדזערע וועג-ווייזער זיינען קאַרל מאַרקס, ענגעלס, לענין און סטאַלין, און ניט נאָר וועלן מיר אָניאָגן אַמעריקע און די איבעריקע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, נאָר מיר וועלן זיי איבעריאָגן.

בידי: אַי גאָט סיק און טאַירד פון אַזעלכע נאַרישע באַרימערייט. איר האָט נאָך ניט גענוג ברויט פאַר אייערע מענטשן, רעדט איר וועגן אָניאָגן אַמעריקע! אָך מאַי גאַד, ווי דערלעבט מען שוין פון דאַנען





צו אַנטלויפן!... (זי לאָזט זיך גיין צו זיך אין צימער, אברהם און ליזא קוקן איר נאָך מיט פאַראַכטונג. בידי אָפּ).

ליזא: זאָלן זיי גיין, די ביוראָקראַטן, סיי ווי סיי גייען מיר באַרג אַרויף!

(אין דרויסן הערט זיך דאָס זיגרייכע, פרייליכע געזאַנג פון דורכמאַרשירנדיקע רויטע אַרמייצעס).

פ אָ ר ה א נ ג  פ א ל ט

1932

# מיר סטרייקן

[ אַ וויזיע דראַמע אין איין אַקט ]

## אַנטיילנעמער

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | אַ הענדלער | 8 | ווילי |
| 2 | גאָס | 9 | טאַטל |
| 3 | סעם | 10 | טאַם דער נעגער |
| 4 | דזשעק | 11 | אַרבעטלאָזער עפּל-פאַרקויפער |
| 5 | בען | 12 | הערמאַן |
| 6 | בעסי | 13 | מוירפי |
| 7 | לאַנאַ | 14 | מאַקס |

אַרבעטער, נעגערס

אַ שמוציקער עס-צימער אין אַ מאַשין-שאַפּ אין אַ פאָרשטאָט פון ניו יאָרק. די ווענט פון צימער — פאַרשטויבטע, פאַררויכערטע, פון אַ רויטלעך-שוואַרצן קאָליר; קאָנטיק אַז זיי זיינען קיינמאָל ניט געפּלאַסטערט און ניט געפאַרבט געווען. די שמוציקע פענצטער זיינען באַצויגן מיט דראָטענע נעצן. בײַ די ווענט — אַ פּאָר הילצערנע בענק. בײַ אַ זייט — אַ הילצערנער ניט-געהובעלטער טיש. אין אַ ווינקל — אַ שפּייז-קרעמל. אַ באַוואַקסענער עלטערער מאַן, אין אַ רעקל, וואָס איז פיליכט אַמאָל געווען ווייס, לייגט אויס זיין סחורה און זינגט זיך אונטער אַ טרויעריק ניגנדל. עס הערט זיך דייטלעך דאָס גערויש פון מאַשינען, דאָס קלאַפּן פון האַמערס, דאָס זשומען פון פּאַסן; אַטאָמאַטישע עגבערס קלאַפּן אויס ווי צום טאַקט הילכיקע, דראָבנע, אָפּגעהאַקטע קלעפּ... מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ שטאַרקער לאַנגער פייף, און אַלץ ווערט שטיל. מיטאָג-צייט. ביסלעכווייז הייבן אָן אָנקומען מידע, מיט-שטויב-באַדעקטע, פאַר׳חשכ׳טע, פאַרשמירטע אַרבעטער, מיט קליינע בלעכענע שפּייז-קעסטלעך און פּעקלעך אין די הענט. אָנגעטאָן זיינען זיי אין שמוציקע, פון אויל גלאַנציקע, טונקעלע אָווערראָלס. אַלע אָן רעקלעך. אייניקע טראָגן שוואַרצע, דיקע פאַרטעכלעך. די מערסטע אין ברודנע היטלען מיט גומענע





דאַשיקעס. עס קומען אויך אַריין מיידלעך, זיי זיינען עטוואָס ריינער און בעסער געקליידט; אויך עטלעכע נעגערס. אייניקע קויפן סענדוויטשעס, האָט-דאָגס, סיגאַרעטן... פון צייט-צו-צייט קומען אַריין אַרבעטער, קויפן עפּעס און גייען אַרויס. די מערסטע עסן פון זייערע שפּייז-קעסטלעך און פּעקלעך, מאָגערע מאכלים, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פון דערהיים. זיי זעצן זיך אין גרופּקעס. עסנדיק ריידן זיי מיט אַ פאַרשטיקטן צאָרן; אייניקע פאַררויכערן, עטלעכע קוקן אַריין אין צייטונגען. טאַם, אַ הויכער דאַרער נעגער, פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל און זינגט זיך פאַנאַנדער אינדער-שטיל. ער זינגט אַ באַקאַנטע פאָלקסמעלאָדיע, נאָר די ווערטער זיינען אַנדערע — אַ סאַטירע וועגן דער היינטיקער צייט. סעם, אַ דערשלאָגענער, פאַר-דער-צייט-פאַרעלטערטער, באַוואַקסענער אַרבעטער, קויפט אַ פּלעצל און עסט.

גאָס: (אַ דאַרער מיטליאָריקער אַרבעטער) דאָס איז אַלץ, סעם, וואָס דו האָסט פאַר דינער?

סעם: די קינדער זיינען בילכער... אביסל מילך פאַרן קליינוואַרג מוז מען האָבן. איך וועל זיך שוין באַגיין, אבי דאָס האַרץ זאָל ניט חלש׳ן.

גאָס: (ברעכט אָפּ אַ האַלבן סענדוויטש) נאַ, נעם. (סעם נעמט און עסט. בען, אַ יונגער, שלאַנקער אַרבעטער מיט אַן אויסדרוקספולן פּנים, עסט און קוקט פאַרטיפט אין אַ צייטונג. עטלעכע אַרבעטער גייען צו אים צו און ריידן אינדערשטיל. דזשעק, אַ געזונטער, שיינער, פריילעכער יונגער אַרבעטער, מיט אַ קאָפּ געדיכטע בלאָנדע האָר, לויפט אַריין און פייפט אַ גאַסן-לידל).

דזשעק: (גייט צו צו טאַמען, גיט אים אַ פּאַטש אין פּלייצע) זינג טאַם! זינג! דו ביסט אַ לעבעדיקער גאַי. דיך האָב איך ליב. שוואַרץ בלוט איז היים בלוט, — און זיי זיינען אַלע אויסגעלאָשענע קאַלטע קוזניעס... נאָר זיי קרעכטשען, נאָר זיי קוואָקטשען.

טאַם: דאַטס-רייט, דזשעקי! יו אַר רייט, דזשעקי... דו געפעלסט מיר אויך.

(לאַנאַ, אַן אָנגעפּאַרבטע, יונגע „פלעפּערקע" פון „פּעטערן-און-מאָדעל דעפּאַרטמענט", קומט אַריין אומבאַמערקט. קענטיק, אַז זי ליבט דזשעק׳ן. זי הערט זיך אויפמערקזאַם צו, וואָס דזשעק רעדט).

דזשעק: גאָדעמעט אָל אָף יו! מענטשן, וואָס קאָנען שמעלצן

אייזן און שטאָל; יאַטן, וועלכע קאָנען בויגן אייזערנע גליִענדיקע שטאַנגען, זאָלן גאָר קרעכטשען און וויינען!... אַ פייער אין אייערע ביינער!... און דו, בען, וואָס האָסטו אַזוי אַריינגעשטופּט דיין נאָניע אין דער צייטונג?... וואָס זוכסטו דאָרטן?... ווילסטו אויפזוכן נאָך אַ רעוואָלוציע אין טשיינע? (בען ענטפערט ניט. דזשעק טוט אים אַ טורקע די צייטונג) איך קען דיך, באָיעלע, — דו ביסט גראָדע אַ וואוילער יאַט, אָבער דו ווילסט שוין צופיל די וועלט פאַרזאָרגן.

בען: (שפּאָסיק) איך וויל זי איבערקערן.

דזשעק: הערסטו, באָיטשיק, ווען דו וועסט האַלטן אין איבערקערן די וועלט, זאָלסטו מיר אויך לאָזן וויסן, וועל איך אויך אונטערשטופּן אַ פּלייצע...

לאַנאַ: (ווערלנדיק אַז דזשעק זאָל זי באַמערקן, פאַלט אַריין אין די רייד) פיין דזשעק! דו האָסט אַ גוטן פּיסק... אָל בעטשו דו וואָלסט געקאָנט האַלטן אַ ספּיטש אַף אַ סאָפּ-באָקס... דו וועסט נאָך מיטדערצייט ווערן אַ גאַנצער העלד!...

בעסי: (אַ פאַר'חושכ'טע מוידל פון „פּעקינג“ דעפּאַרטמענט) אויך מיר אַ העלד! — ער וויל קומען העלפן צו אַלעם פּאַרטיקן. (דזשעק לאָזט זיך גיין צו לאַנאַ'ן).

דזשעק: לאַנאַ דאַרלינג, וואָט די העל —יע אַ העלד, ניט אַ העלד. קום דערווייל אַביסל טאַנצן.

סעם: עס איז דיר, דזשייקעלע, אַפּנים פריילעך אַפן האַרצן, ווילט זיך דיר טאַנצן!

דזשעק: אָט גיי איך זיך טאַקע באַלד זעצן וויינען. קום, לאַנאַ, טאַנצן, זיי אַף צעלאָכעס.

לאַנאַ: עס איז דיר ווייניק די אָוונטן!

דזשעק: נו, קאַם אָן, לאָז זיך ניט אַזוי פיל בעטן... און דו, טאָם, זיי אַ גוד-באָי און העלף אַרויס. (לאַנאַ וויל כלומרשט ניט, נאָר זי לאָזט זיך טאַנצן. דזשעק זינגט אַ דזשעז-לידל. טאָם קומט צו נעענטער זינגט מיט, פּאַטשט מיט די הענט, קלאַפּט צו מיט אַ פוס. לאַנאַ און דזשעק טאַנצן לויט די לעצטע כללים פון דער מאָדע. זיי טרעטן אָן, ניט-ווילנדיק, סעמען אַף אַ פוס. סעם מאַכט אַ געשריי. זיי בלייבן שטיין).





סעם: גיי צו אַלדע שווארצע יאָר, דו יונגאַטש דו, באָמער דו ווילסט טאַנצן מיט מוידן — גיי אין דענצינג סקול... ס'געהערט אַ פּלאַץ געפונען צום טאַנצן!...

דזשעק: שאַ, שריי ניט אַזוי! קאָנסט נאָך איבעררייסן דיין גאָרגל. איך האָב דיך ניט אָפּגעבריט... ווייסט וואָס, סעם? — גיי אויך טאַנצן, אָט נעם בעסי'ן און גיי טאַנצן.

בעסי: (אַ באַליידיגטע) מיך נעמט מען ניט. וואָס בין איך עפּעס אַ שטיקל פאָרניטשור?

דזשעק: שאַט, איר ווילט ניט — דאַרף מען ניט. ווען מיר בעטן טאָמען... באַווייז זיי, טאָם, — זאָלן זיי זען, אָט די אויסגעלאָשענע קאַלטע אויוונס, וואָס דו קאָנסט!

לאַנאַ: קאַם אָן, טאָם, גיב דעם ריכטיקן קיק! (טאָם לאָזט זיך ניט בעטן, דזשיגט פלינק. דזשעק און לאַנאַ זינגען, פּאַטשן מיט די הענט, טופּען מיט די פיס און שרייען: קאַם אָן באָי! מער פּעפּ! אַטאַ באָי! אַט אַזוי!... טאָם שטעלט זיך אָפּ אינמיטן).

טאָם: זיין געגנוג פאַר היינט. (ער גייט אָפּ ווידער אין זיין ווינקל. דזשעק און לאַנאַ האַלטן ביים אַרויסגיין).

סעם: אַ דאַנק גאָט! פּטור געוואָרן פון די באָמערס. מער אַז טאַנצן גייט זיי ניט אָפּ. אַ גדולה אַף זייערע קעפּ.

דזשעק: (ביים טיר) אַלבעטשו, דו אַלטער שמעלצטאָפּ, ביסט דזשעלאָס... וואָלסט נאָך אויך געוואָלט כאַפּן אַ טענצל מיט לאַנאַ'ן.

(ער שטעלט אים אויס אַ צונג און גייט אָפּ. פּאַוזע).

גאָס: בען, האָסט, אפשר, אַ סיגאַרעטל? (בען נעמט פון זיין היטל אַרויס צוויי סיגאַרעטלעך, גיט איינס גאָסן און איינס פאַר זיך. זיי פאַררויכערן ביידע) וואָס שרייבט מען אין היינטיקע פּייפּערס?

בען: זיי האַלטן אין איין בילן אַף די סאָוועטן. עס שמעקט מיט פּולווער אין דערלופטן. מ'דאַרף זיין אַף דער וואַך...

גאָס: איך פאַרשטיי. (אַן אַרבעטער גייט צו צו בענען און זיי ריידן אין דערשטיל).

ווילי: (אַן עלטערער בחור, וועלכער האָט די גאַנצע צייט אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג, וואַרפט די צייטונג אַוועק.) פוי, ניט גוט ווערט פון

הײנטיקע פײפערס! — נאָר האָלד-אָפּס, זעלבסטמאָרדן, הונגער. נאָר צרות און דאָס אַלץ. נו, צייטן דערלעבט!...

סעם: וואָס האָסטו צו קלאָגן זיך? — דו ביסט דאָך אַ סינגלמאַן. וואָס זאָלן מיר זאָגן — באַווייבטע און נאָך מיט אַ פולן הויז מיט פּרעסערס.

ווילי: איז נאָך גרעסערע צרות.

סעם: צרות צו צרות איז ניט גלייך. אַ יע, אַ האַלב יאָר גאָר ניט געאַרבעט. די לעצטע 4 חדשים אַרבעטן מיר האַלבע וואָכן. גיי און מאַך אַ לעבן פאַר אַ ווייב און קינדער מיט 9 דאָלאַר אַ וואָך!...

גאָס: העל, אַלץ הייסט אַ לעבן... מיינע קינדער גייען אַרום מיט צעריסענע שיך און ניט איינמאָל לייגן זיי זיך שלאָפן הונגעריקע.

בעסי: היינט וואָס זאָל איך שוין ריידן? איך פאַרדין דאָך קוים אַ דאָלער אַ טאָג. איך בין די איינציקע אין הויז, וואָס אַרבעט. שוין באַלד דריי וואָכן, אַז מ'האָט באַ אונדז פאַרשלאָסן די געז.

סעם: און איך בין שוין שולדיק פאַר פיר חדשים דירה-געלט. ווען די שכנים פון מיין הויז וואָלטן ניט געווען אָרגאַניזירט, וואָלט איך שוין לאַנג אָפּן גאַס געלעגן מיט מיינע בעבעכעס.

בען: זעסטו, סעם, אַז מען איז אָרגאַניזירט העלפט יאָ.

גאָס: איך זאָג דאָס אים אַלע מאָל.

בען: איר זייט אַליין אין אַלץ שולדיק.

טאָטל: (אַ קורצער, אַ דיקער עלטערער אַרבעטער, מיט לאַנגע גרוילעכע וואָנצעס, מיט קליינטשיקע, שטעכיקע אויגן) מען דאַרף זיך ניט קלאָגן. אַ דאַנק גאָט, וואָס מיר אַרבעטן דריי טעג אין וואָך, טויזנטער מענטשן אַרבעטן גאָרניט...

גאָס: דו קאָנסט זיך דאַנקען גאָט וויפל דו ווילסט. איך האָב ניט פאַרוואָס... דו אַלטער בלאָזאַק, אַז מ'האָט געשניטן די „פּעי" — האָסטו דאָך אויך געדאַנקט גאָט.

טאָטל: איר זייט אַלע אַ „באָנטש קיקערס". איר זייט אומצופרידענע באַשעפענישן — טומלער...

גאָס: דו, שוואַרצע קראָ, קלאַפּסט דאָך שוין מיטן האַמער דרייסיק יאָר, האָסט קוים ברויט צו זאַט און שווייגסט!... מען צאַפּט פון





דיר דיין בלוט, און דו שווייגסט!... פוי, אַ כאָליערע דיר אין דיינע ביינער!...

טאָטעל: (אַ ברוגזער) אַך, ניטאָ מיט אייך וואָס צו ריידן. (גייט אָפּ אָן־אַ־זייט).

סעם: און אַז מען שרייט, מיינסטו העלפט שוין טאַקע?

בען: אַז אַלע וועלן אָנהייבן שרייען וועט העלפן...

גאָס: נישקשה, עס וועט שוין העלפן! דער הונגער וועט אייך מאַכן פאַר קעמפער... (דזשעק און לאָנאַ קומען אַריין).

דזשעק: נו, וועגן וואָס רעדט איר דאָ? — דאָס זעלבע וואָס נעכטן, דאָס זעלבע וואָס לעצטע וואָך, און דאָס אייגענע וואָס מיט זעקס חדשים צוריק... אַ, וואָס? — נויט, ברויט, צרות, הונגער, טויט... געטראָפן, האַ?... פוי, מיאוס געוואָרן דאָס אַלץ צו הערן. און פון אייערע רייד קומט סיי-ווי-סיי גאָרנישט אַרויס.

בען: דו ביסט גערעכט, דזשעק, מ'דאַרף אויפהערן ריידן און מ'דאַרף זיך נעמען צו מעשים.

(אַן אַרבעטלאָזער, אויסגעדאַרטער, בלאַסער מענטשל קומט אַריין מיט אַ קויש עפּל).

אַרבעטלאָזער: קויפט עפּל! דריי סענט אַ שטיק... צוויי פאַר אַ ניקל. קויפט!... (דזשעק קויפט צוויי עפּל. גיט איינס לאָנאַ'ן, דעם צווייטן נעמט ער זיך).

לאָנא: טהענק יו, דאַרלינג. (זיי עסן ביידע).

דזשעק: טוסט עפּעס גוטע ביזנעס, גרויסער פאַרדינער?

אַרבעטלאָזער: אָף ראַקפעלערן געזאָגט געוואָרן אַזאַ ביזנעס. נעכטן פאַר אַ גאַנצן טאָג פאַרקויפט דרייסיק עפּל.

דזשעק: טאָ פאַרוואָס נעמסטו זיך ניט צוריק צו דיין פיינטבראָש?

אַרבעטלאָזער: אדרבה, גיי געפין מיר אַ דזשאָב, וועל איך דיר אָוועקשענקען מיין גאַנץ געשעפט.

דזשעק: הערט זיך צו, חברה, באַלד וועט דער גרויסער ביזנעסמאַן דאָ אַרויסגיסן אַ טאָפּ מיט פרישינקע, פלאַמענדיקע, ערשט-צעשמאַלצענע צרות.

אַרבעטלאָזער: דו ביסט אַ ליגנער. מ'דאַרף בעסער גיין. (אַרבעטלאָזער אָפּ).

סעם: דיר, דזשייקעלע, איז גוט, ביסט יונג. דאַרפסט גאָרניט און האָסט גאָרניט, — לאַכסטו פון אַלעמען, חכמ'עסט זיך. איך אָבער קאָן עס שוין מער ניט אַריבערטראָגן, און קאָן שוין ניט מעהר צוקוקן די צרות אין מיין הויז; איך האָב מער קיין כח ניט...

בען: ווער הייסט אייך אַזוי פיל ליידן... פאַרקאַטשעט אייערע אַרבל און שמידט אויס אָף דער קאָוואַדלע אייער אייגענעם לעבן. אָרגאַניזירט זיך, קעמפט, מאָנט, נעמט...

טאָטל: דאָס איז אַלץ רעד האָט באָנק, אַזוי ריידן אַלע פאַריי-נערס. וואָס זאָגסטו, לאָנאַ?

לאָנאַ: עס געפעלט זיי ניט אַמעריקע, פון דעסטוועגן לויפן זיי אַהער פון דער גאַנצער וועלט. אַלע פאַריינערס זיינען קיקערס.

בעסי: דערפאַר זייט איר ביידע געהאָרכזאַמע אונטערטעניקע קנעכט. אַבי איר האָט וואָס צו עסן, איז אייך שוין גוט. און דאָס וואָס טויזנטער מענטשן אין דער רייכער אַמעריקע שטאַרבן פון הונגער, פרירן, ווערן אַרויסגעוואָרפן פון די וואוינונגען, — דאָס אַרט אייך גאַנץ ווייניק!...

לאָנאַ: איך דאַרף מיך ניט זאָרגן פאַר אַנדערע.

בעסי: שווארצע קראָען און וועלף זאָרגן אויך ניט פאַר קיינעם.

ווילי: לאָז זיי צורו, בעסי, — פון אַזאַ האַרטן מעטאַל קאָן מען קיין פאָן ניט מאַכן. (ער ווענדט זיך צו בעני'ן) אָבער איך, בען, פאַרשטיי דיך גאַנץ גוט. איך ווייס, אַז דו ביסט גערעכט... מיר מאַכן טאַקע רייך אונזערע באַסעס, און אַליין בלייבן מיר אָרימע לייט. אָבער עס ווילט זיך ניט קריכן אין פייער דער ערשטער, — פאַרשטייסט?

בען: דערפאַר ליידט איר הונגער און נויט.

גאָס: אַ בראַנד זאָל זיך אַריינכאַפּן אין אייערע ביינער!... נישקשה, איר וועט נאָך קריכן אין פייער! איר וועט קריכן. דער הונגער וועט אייך צום פייער טרייבן!...

(עס קומט אַן אַ קורצער, ברייטבייניקער מיטלאָריקער דויטש. ער איז געקליידט אין זיינע יום-טוב'דיקע קליידער. זיין מאַנטל איז אַלט אָבער





ריין. איין פוס איז באַ אים באַנדאַזשירט. ער גייט מיט דער הילף פון אַ גראָבן שטעקן. מען רופט אים הערמאַן. אַלע רינגלען אים אַרום נייגעריק, שרייען — אַ האַלאָ, הערמאַן! וואָס מאַכסטו הערמאַן? ווי איז דיין פוס?).

דזשעק: האַלאָ, דאַטשמען! ווי לעבט זיך דיר עפּעס מיט איין פוס?

הערמאַן: ניכט אַמבעסטען.

דזשעק: אָבער ביר קאָנסטו דאָך טרינקען מיט איין פוס אויך! זעץ דיך. (מען מאַכט פאַר אים פּלאַץ אָף אַ באַנק. הערמאַן זעצט זיך. דזשעק לויפט דערווייל און קויפט צוויי פלעשלעך ביר, גיט איינע הערמאַנען, נעמט איינע זיך).

הערמאַן: פּראָזיט, מיינע קאַמעראַדן! איך ווינטש אינגיכן זיין דאָ צוריק מיט אייך!

דזשעק: פּראָזיט, ברידער אַרבעטער! מיר זאָלן דערלעבן אינגיכן דאָס, וואָס בען ווינטשט אונדז.

שטימען: הלואי!...

טאָטל: מיר זאָלן אינגיכן ווידער אַרבעטן „פול-טיים“.

בעסי: דאָס אַלץ וואָס אַן אַלטער שקלאַף האָט שכל אויסצובעטן.

(דזשעק און הערמאַן טרינקען פון די פלעשלעך. טאָם דער נעגער קוקט מיט זשעדנע אויגן אָף דזשעקן. דזשעק באַמערקט עס, לאָזט איבער אַ היפּש ביסל פון זיין ביר, ווענדט זיך צו טאָמען).

דזשעק: נאַ דיר, האָלעדריגע, טרינק און פרעס מיך ניט אויף מיט דיינע פייערדיקע אויגן.

טאָם: (נעמט דאָס ביר) טענק יו, דזשעקי! — דו ביסט אַ דזשענטלמען. (ער טרינקט דורשטיק).

ווילי: נו זאָג, הערמאַן, ווי פילסטו?

טאָטל: נאָך אַ גליק, הערמאַן, וואָס דו האָסט זיך ניט אָפּגע-בריט דעם בויך.

גאָס: אפשר זאָל ער פאַר דעם אויך גאָט דאַנקען?

ווילי: (צו הערמאַנען) עס היילט זיך?

הערמאַן: עס זיינען נאָך דאָ גרויסע וואונדן, קוים וואָס איך קאָן זי אַרירטאָן. אינגאַנצן געשוואָלן... ווען מען באַנדאַזשירט מיך

זע איך פלאַם-פייער. וועל זיך נאָך דארפן שלעפּן צום דאָקטער אַ צוויי מאָנאַטן.

טאָטל: דו קריגסט דאָך ווײַדזשעס פון דער קאָמפּענסיישאָן!

הערמאַן: וואָס פאַר אַ ווײַדזשעס? זיי גיבן קוים די נשמה צו דערהאַלטן.

גאָס: זאָל דאָס דער באָס ניט מער פאַרמאָגן, וואָס זיי גיבן.

ווילי: הערסט, הערמאַן, איך האָב גראָדע צוגעזען, ווי דו האָסט פון אויוון ארויסגענומען ־עם ברענענדיקן טאָפּ, און ווי אַזוי דו האָסט זיך אָפּגעברענט. דו ביסט באַלד געפאַלן אין חלשות; די פוס איז געוואָרן שוואַרץ; בלוט האָט גערונען. איך האָב געמיינט — שוין גור באַי, הערמאַן.

הערמאַן: קענטיק, עס איז מיר באַשערט צו לעבן. דאָס איז שוין דער פערטער אומגליקספאַל, וואָס פּאַסירט מיט מיר באַ דער אַרבעט.

טאָטל: ווי אַזוי קומט עס, דו, הערמאַן, אַזאַ דערפאַרענער, אַלטער אַרבעטער, זאָלסט ארויסלאָזן די צוואַנגען פון די הענט?

הערמאַן: איך ווייס? — אפשר איז אַ קויל געוועזן אָנגעקלעפּט אָן טאָפּ... וואָס הערט זיך אין שאַפּ?

גאָס: דאָס זעלבע ספּיד-אַפּ. מען האַלט אין איין אונטער-טרייבן — „האָרי-אַפּ“. אַניט סטראַשעט מען ווערט מען גאָר פאַרמאַכן דעם שאַפּ. דו הערסט, הערמאַן? ערשט נעכטן קומט צו מיר צו דער נייער פאָרמאַן און זאָגט: „דו, גאָס, האָסט געמעגט אַרבעטן אַביסל שנעלער. אין אַנדערע שעפּער מאַכט מען 24 פורימס אַ טאָג“. אַ פייער זיי אין די ביינער! עס איז זיי אַלץ ווייניק. מ׳פלעגט מאַכן 16, היינט מאַך איך שוין 22, אַרבעט ווי אַ פערד, טרייב פון זיך ארויס די קישקעס, — און זיי איז אַלץ ווייניק. בלוט-זויגער!...

ווילי: און דזשימי דעם נעגער קאָנסטו? אָט דער, וואָס אַרבעט אין דער מאָנטאַזשנע באַם אַלטן גענג-דריל.

הערמאַן: געוויס קען איך אים.

ווילי: אַ ברענענדיקער „ניט“ האָט אים געטראָפן לעצטע וואָך אין קאָפּ. ער ליגט אין האָספּיטאַל.

הערמאַן: וואָס מאַכט ער?





ווילי: מ׳דערציילט נים.

נאָס: די הינט וועלן דיר דען זאָגן דעם אמת. מסתמא האָבן זיי שוין באַ אים אויסגענאַרט אָן אונטערשריפטל.

ווילי: ניטאָ די וואָך עמיצער זאָל זיך דאָ ניט צעקאַליעטשען.

גאָס: העל, און אַלץ פאַר דאָס אָרים שטיקל ברויט.

בען: איך זאָג אייך, חברים, אַז אין אַלץ זיינען מיר אַליין שול-דיק. ווען מיר וואָלטן געווען אָרגאַניזירט, וואָלט אונדזער לאַגע געווען בעסער. מיר וואָלטן געקראָגן גרעסערע ווײַדזשעס, געאַרבעט וואָלטן מיר קלענערע שטונדן, און קיין ספּיד-אַפּ. און אַזוי פיל אומגליקן באַ דער אַרבעט וואָלט אויך ניט געשען.

טאָטל: באַלד שפּרינגט ער אַרוים מיט זיינע העצעס. מ׳האָט ניט ליב אַ שאַפּ, גייט מען אַוועק. קיינער האַלט דיך ניט מיט גוואַלד. דו וועסט גיין איצט זוכן אַרבעט, וועסטו וויסן...

לאַנאַ: נאָר זיי בונטעווען און נאָר זיי אַגיטירן. אפילו דזשעק האָבן זיי שוין אויך דעם קאָפּ פאַרדרייט...

(עס קומט אָן אַ ברייטבייניקער אַלטער מאַן מיט אַ ראָל צייכנונגען. דאָס איז מוירפי, איינער פון די הויפּט־אויפזעער. אַלע בלייבן שטיל).

מוירפי: (מיט אַ צופרידענעם טאָן) איך האָב פאַר אייך, באָיעס, גוטע, פריילעכע נייס. מיר האָבן אַריינגעקראָגן זייער אַ גרויסן אָרדער. ווי נאָר מיר ווערן פאַרטיק מיט די מאָדעלן, פאַנגען מיר אָן צו אַרבעטן „פול טיים“, און גאָר אינגיכן וועלן מיר אַרבעטן אָווערטיים. פאַר אָווערטיים וועלן מיר צאָלן אָנדערהאַלבן מאָל מער. באָיעס, עס קומט אין אונדזער לאַנד ווידער פּראָספּעריטי! איר דאַרפט נאָר זען אַרבעטן פלייסיק און זיין געטריי אונדזער פאַטערלאַנד!... (אַלע אַרבעטער קוקן זיך איבער פאַרוואונדערט. ער ווענדט זיך צו לאַנאַ׳ן) דו, לאַנאַ, נעם די צייכענונגען אין דיין דעפּאַרטמענט און זאָג זיי, אַז זיי זאָלן זיך נעמען צו דער אַרבעט אַף שנעל.

לאַנא: (הכנעה׳דיק) אָלרייט, מיסטער מוירפי, איך וועל זיי זאָגן.

(דער אויפזעהער גייט אַפּ. אַלע כאַפּן זיך ריידן צווישן זיך. טאָטל און לאָנא פרייען זיך).

טאָטאל: ווידער באַ אונדז אין אַמעריקע פּראָספּעריטי, די פאַריינערס אַף צעפּיקעניש!

לאָנא: (שפּרינגט און טאַנצט פאַר שמחה) פּראָספּעריטי, פּראָספּעריטי, ווידער באַ אונדז פּראָספּעריטי! (בען און גאָס קוקן זיך איבער, גייען צו צו לאָנאַן).

בען: (שטרענג) באַווייז די צייכנונגען!

לאָנא: איך וועל ניט. — איך גיי זיי שוין אָפּטראָגן. (בען רייסט אַרויס באַ איר פון האַנט מיט גוואַלד דעם פּעקל צייכנונגען, וויקלט פאַנאַנדער דעם בלויען פּאַפּיר. בען און גאָס באַטראַכטן די צייכנונגען, בלייבן שטיין פאַרוואונדערטע).

גאָס: וואָס איז דאָס?

בען: זעסטו דען ניט? אַן אָרדער אַף גראַנאַטן.

גאָס: גראַנאַטן גאָר!

(בען לויפט אַריין אין מיטן צווישן אַלע אַרבעטער און שרייט).

בען: חברים, דאָס איז אַן אָרדער אַף גראַנאַטן! דאָס זיינען די באַרימטע „פּרעזענטש פינף-און-זיבעציקער“!...

דזשעק: (אַ פאַרציטערטער) „שעלס“ גאָר! וואָס, ווידער אַ מלחמה? מיט וועמען מלחמה?

בען: יאָ, ווידער מלחמה. (אַלע שטופּן זיך אַנצוקוקן די צייכנונגען. אַ געמורמל צווישן די אַרבעטער. לאָנאַ רייסט צו זיך דעם בלויען פּאַפּיר, בען שטופּט זי אַפּ).

טאָטל: שאַט, וואָס וואונדערט איר זיך אַלע? איר האָט דען ניט געלייענט אין די צייטונגען, אַז רוסלאַנד איז באַפאַלן יאַפּאַן און דייטשלאַנד. נו, דאַרפן זיי זיך פאַרטיידיקן, — אָרדערן זיי שעלס.

בען: (מיט כעס) ברידער, אַרבעטער, דאָס איז אַ ליגן! דאָס האָבן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אויסגעאַרבעט אַן אינטערווענציע אַף רוסלאַנד. זיי ווילן פאַרניכטן דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד. חברים, די קאַפּיטאַליסטן און די געלע פּרעסע, האַלטן אין איין העצן קעגן רוסלאַנד. זיי זאָגן ליגן! זיי שרעקן אונדז מיט פאַרשיידענע נאַרישקייטן! חברים, רוסלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד, וואָס זאָרגט זיך פאַר אונדז אַרבעטער... די קאַפּיטאַליסטן זעען אַז זייער באַדן שאָקלט





זיך, פּרובירן זיי זיך צו ראַטעווען מיט אַ מלחמה... חברים, רוסלאַנד איז אונדזער איינציקער פריינט!... און איך זאָג אייך מיט מיין פולן באַוואוסטזיין, אַז איך זאָג זיך אָפּ צו מאַכן גראַנאַטן און איך וועל ניט מאַכן קיין געווער!...

גאָס: איך מאַך ניט קיין גראַנאַטן. מער וועט מען שוין אונדז ניט נאַרן... אין דער לעצטער מלחמה האָט אונדז ווילסאָן איינגערעדט, אַז מיר גייען ראַטעווען די וועלט פאַר דעמאָקראַטיע. דאַמאָלט האָבן מיר אויך אָנגעפאַנגען צו מאַכן — אַפריער גראַנאַטן און נאָכדעם טאָרפּידאָס, באָמבעס און אַנדערע אַמוניציע. הערמאַן און טאָטל, און די איבעריקע עלטערע אַרבעטער געדענקען עס נאָך גאַנץ גוט...

שטימען: ריכטיק! ריכטיק! מיר געדענקען!...

גאָס: איצט ווייסן מיר אַלע, אַז מיר האָבן געראַטעוועט די וועלט פאַר דעם קאַפּיטאַליזם. חברים! איך אַנטזאָג זיך צו מאַכן גראַנאַטן. איך וויל ניט, אַז מיט מיינע גראַנאַטן זאָל מען פאַרגיסן אומשולדיק בלוט... און אויב איך וועל יע מאַכן אַמוניציע, וועט דאָס זיין צו פאַרניכטן אונדזער שונא — די בלוטדאָרשטיגע קאַפּיטאַליסטן.

שטימען: גוט געזאָגט, גאָס!... ריכטיק!...

ווילי: איך וועל אויך ניט מאַכן קיין געווער!

דזשעק: באָיעס, איך בין אויך מיט אייך!

בעסי: (שרייט) הורריי פאַר דזשעקן! אָט אַזוי, דזשעק, ביסטו אַ מאַן!...

טאָם: איר ווייסט אַז איך בין מיט אייך, באָיעס! מי לייק ראַשיע.

די מאַסע: מיר וועלן ניט מאַכן קיין געווער!

טאָטל: (אַן אויפגערעגטער) פאַרפלוכטע פרעמדע! שונאים פון אונדזער לאַנד! באָלשעוויקעס!

לאָנא: גאָטס-פאַרשאָלטענע באָלשעוויקעס!... (טאָטל, לאָנאַ און נאָך איין אַרבעטער לאָזן זיך צום טיר. בען באַמערקט עס, שרייט).

בען: קאַמרעדס, שטעלט זיך באַם טיר און לאָזט קיינעם ניט אַרויס! (גאָס און דזשעק לאָזן זיך צום טיר, מאַכן זי צו און האַלטן וואַך. טאָטל און נאָך איינער ווילן אַרויס מיט גוואַלד. גאָס און דזשעק שליידערן

זיי צוריק. מען קלאפט אין טיר. גאס קוקט ארויס. ער עפענט די טיר. עס לויפן אריין עטלעכע פארסאפעטע ארבעטער מיט ציימונגען אין די הענט. צווישן זיי איז דא איינער א קורצער מיט א גרויסן קאפ שווארצע האר. ער הייסט מאקס).

מאקס: (מיט א פארכאפטן אטעם) נייס! שרעקליכע נייס! דייטשלאנד און יאפאן האבן דערקלערט קריג קעגן רוסלאנד!...

די מאסע: א!... ווידער קריג!... ווידער וועט אומשולדיק בלוט פארגאסן ווערן!...

מאקס: חברים, איצט האבן דייטשלאנד און יאפאן דערקלערט קריג קעגן רוסלאנד, שפעטער וועלן קומען זיי צו הילף די איבעריקע קאפיטאליסטישע מלוכות. אויך אמעריקע וועט צושטיין... וויסן זאלט איר, חברים, אז מלחמה איז אין אלגעמיין א גוטער עסק פאר די בורזשויעס; זייערע קינדער שיקן זיי ניט; פארגיסן וועט מען דאס בלוט פון אונדזערע קינדער. די רייכע וועלן אנשארן הרודעס מיט גאלד און, אין דער זעלבער צייט, וועלן זיי אפשוואכן דאס ארבעטער-און-פויערים לאנד, — דאס איינציקע סאציאליסטישע לאנד, וואו די ארבעטער געניסן פולע רעכט... געדענקען זאלט איר אויך, חברים, אז די קאפיטאליסטישע לענדער פארקויפן געווער איינע די אנדערע. עס קאן לייכט פאסירן, אז אייערע זין זאלן דערשאסן ווערן מיט גראנאטן, וואס איר אליין האט געמאכט...

שטימען: ריכטיק!... ביסט גערעכט!...

מאקס: געדענקט זשע, חברים, אויב מיר וועלן זיין געצוואונגען צו גיין אין מלחמה, בלייבט געטריי אייער קלאס, דעם ארבעטער קלאס!... קלערט אויף די איבעריקע ארמייצעס, ווער דער אמת'ער שונא איז און העלפט צעשמעטערן דעם פאראזיטישן, קארופטן, קאפי-טאליסטישן קלאס!

די מאסע: מיר וועלן קעמפן פאר דעם ארבעטער קלאס!... נידער מיט די באסעס!... נידער מיט דער קארופטער רעגירונג!...

טאם: (אן אויפגערעגטער, שפרינגט אריין אין מיטן דער מאסע, שרייט) יוה אל נאאוז, אז איך, אן „עקס-סוירוויסמען" געוועזן. איך





נעפייט אין דער וואירלד-וואר. פארוואס? און פאר וועמען? פאר די בלאדסאקערס, די באסעס... נא סאה! נא מאה!... באיעס, איך בין מיט די קאמוניסטס!...

די מאסע: הוריי פאר די קאמוניסטס! הוריי פאר די סא-וועטס!

(עס דערהערט זיך א לאנגער שטארקער פייף. דאס רופט מען די ארבעטער צו דער ארבעט. די שטימונג איז אן ערנסטע, אן אנגשטרענגטע. טאטל, לאנא און נאך איינער לאזן זיך צום טיר, די איבעריקע בלייבן אלע שטיין. בען גיט א צייכן, אז מען זאל זיי ארויסלאזן. אונטער די קלאנגען „סטול פידזשענס", „סקעבס" גייען די דריי ארויס. אין א ווײַלע ארום — מען קלאפט שטארק אין טיר. מוירפי קומט אן).

מוירפי: (זייער אויפגערעגט) וואס טוט זיך דא? פארוואס גייט איר ניט צו דער ארבעט? (בען טרעט ארויס קעמפעריש).

בען: מיר אנטזאגן זיך צו גיין ארבעטן!... מיר אנטזאגן זיך צו מאכן געווער!...

די מאסע: מיר וועלן ניט מאכן קיין געווער!... מיר סטרייקן!... מיר וועלן אין מלחמה ניט גיין!...

מוירפי: (מיט כעס) וואס איר ווילט פאראטן דאס פאטערלאנד? געדענקט, איר וועט פאר דעם טייער באצאלן!...

בען: נאנסענס! וועלכע פאטערלאנד? א קאפיטאליסטישע לאנד איז ניט אונדזער פאטערלאנד.

מוירפי: פаררעטער! פיינט פון אונדזער לאנד!

בען: אייערע רייד וועלן אייך ניט העלפן, מיר גייען ניט ארבעטן מער, מיר סטרייקן!

די מאסע: מיר סטרייקן! מיר סטרייקן!

מאקס: (שרייט אויס) לאנג לעבן זאל דער סאוועטן-פארבאנד!

בען: לאנג לעבן זאל די ווארקערס פארטי!

טאם: (א באגייסטערטער שרייט) לאנג לעבן זאלן די רעדס!

די מאסע: הוריי פאר די סאוועטן! הוריי פאר די רעדס!

(דער אויפזעהער, פול מיט צאָרן, גייט אַפּ שנעל. בען און מאַקס הייבן אָן זינגען, — די מאַסע כאַפּט אונטער —

Should I ever be a soldier,
'Neath the Red Flag, I would fight!
Should a gun I ever shoulder,
It's to crush the tyrants' might, etc.

זיי שטעלן זיך אויס צו צוויי אין אַ ריי און, זינגענדיק, מאַרשירן זיי אַלע מוטיק אַרויס. עס פאַרבלייבט בלויז דער הענדלער).

פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט

1931



# אַף דער בויערי

[ אַגיט־פּראָב איינאַקטער ]

א נ ט י י ל נ ע מ ע ר :

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | העלען | 7 | אַ הענדלערקע מיט פּרעצלס |
| 2 | פרעד | 8 | הונגעריקע פרוי |
| 3 | מאַיק | 9 | סאַלווייישאַן־אַרמי־מיידל |
| 4 | דזשאָ | 10 | באָם |
| 5 | מוני | 11 | אַרבעטסלאָזע |
| 6 | בויערי־פרוי | 12 | טרעמפּס |

אַ רו־צימער אין אַ לאַדזשינג־הויז אַף דער בויערי. אין דעם הויז האַלטן זיך אויף טרעמפּס, אַרבעטלאָזע און בעטלער. אַן אָרימע אומגעבונג. געלע שמו־ציקע ווענט. בײַ די ווענט הילצערנע בענק. אַף איינער פון די בענק דרעמלט אַ טרעמפּ. אין אַ ווינקל הייצט זיך אַ גרויסער אייזערנער אויוון. לעבן אויוון זיינען אַנגעוואָרפן שטיקלעך האָלץ און קוילן. אינמיטן צימער אַ לאַנגער טיש, אַף וועלכן עס וואַלגערן זיך עטלעכע צייטונגען. אין די ליידיקע ווינקלען פון צימער שטייען שפּייקעסטלעך. עס איז פיר נאָכמיטאָג, ווינטער 1930־1931. פון צייט־צו־צייט הערט זיך דאָס קלאַפּן פון עלעווייטער. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, געפינט זיך אַף דער בינע העלען. זי איז אַ הויכע, דאַרע, באַוועגלעכע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. אירע ווייס־בלאָנדע האָר זיינען שטייף פאַרצויגן מיט אַ שוואַרץ הייבל, איר בלאַסער פנים איז פאַרשמירט, און אַלץ וואָס עס זעט זיך אַרויס איז אַ פּאָר ליכטיקע ברוינע אויגן. זי טראָגט אַ צעריסן שוואַרץ וועסטל און אַ פאַרשטויבטע לאַנגע קליידל. אַרום איר דינער טאַליע איז פעסט פאַרבונדן אַ געקעסטלטער פאַרטוך; די עקן פון פאַרטוך זיינען פאַרשטעקט אין גאַרטל פון קליידל און דאָרט געפינט זיך זעגאַכץ. זי וואַרפט פאַנאַנדער די זעגאַכץ אַף דער פּאַדלאָגע און נאָכדעם קערט זי מיט אַ בעזים און זינגט אַ גאַסן־לידל. פרעד, דער „ווינדע־קלינער", קומט אַן. פרעד איז אַ מיטליאָריקס אויסגעדאַרט מענטשל. ער טראָגט אַן אויסגעריבענעם שווערן אויבערמאַנטל און אַ וואָרימע היטל. ער

בלייבט שטיין באם טיר אומבאמערקט מיט זיין עמער און געצייג אין די הענט. ער הערט זיך צו מיט פרייד ווי העלען זינגט. אביסל שפעטער שטעלט ער אוועק זיין עמער און גייט זיך ווארעמען באם אויוון. העלען בלייבט שטיל.

פרעד: עס איז דא גוט קאלט.

העלען: טא זיי זיך מטריח און ווארף צו קוילן. (פרעד ווארפט אריין קוילן, דער אויוון צעברענט זיך).

פרעד: דו, העלען, ארבעסט אלעמאל אזוי שווער און פונדעסטוועגן זינגסטו!

העלען: און אז איך וועל וויינען, וועט מיר אימיצער העלפן?

פרעד: יא, אז מען איז יונג און געזונט, פעלט גארנישט, במילא זינגט זיך שוין.

העלען: האסט מיר ניט, פרעד, וואס מקנא צו זיין. איך קריג טאקע 17 דאלער א וואך, אבער איך ארבעט פאר דרייען. איך רוים אויף ביידע הייזער. אין יעדן הויז נעכטיקן בא א 150 מענער. 300 בעטן מאכן יעדן טאג, איז ניט קיין קלייניקייט. דו ווייסט דאך וויפל זיי שפייען און שמוצן אן. פון אכט פרי ביז זיבן נאכט זעץ איך מיך ניט צו.

פרעד: פיליפ העלפט דאך דיר ארויס.

העלען: ווען ניט פיליפ וואלט איך אנידערגעפאלן. (זי קוקט זיך ארום) און דאך, אז דער געלער הונט קומט ארויף, געפינט ער אלע מאל עפעס וואס אויסצוזעצן.

פרעד: א פאסקודנע בריאה דיין באס, א געלע זשאבע. אז ער לאזט מיר אמאל די ווענט אפצוואוואשן, מיינט ער, אז ער מאכט מיך גליקלעך... ער קוקט אף אונדז ווי אף חיות, — מ'קאן צו אים קיין ווארט ניט אויסריידן. געדענקסט לעצטן ווינטער, — ניט געווען קיין קוילן צוויי וואכן; איך האב זיך אנגענומען מיט מוט און געזאגט צו אים, אז מיר פרירן דא אלע, אז מיר זיינען דאך מענטשן, ניט קיין בהמות... נו, נו — האט ער זיך דאס אף מיר צעשריען. געמיינט אז אט דערהרגעט ער מיך.

העלען: (קוקט זיך ארום) ער האלט אין איין שרייען, אז מיר





טוען ניט גענוג, אז מיר זיינען פויליאקעס... ווען אים וואלטן אזוי געבראכן זיינע ביינער, ווי מיר, נאך א טאג ארבעט, וואלט ער מער אזוי ניט גערעדט. און פיליפן באהאנדלט ער ווי א הונט.

פרעד: עס איז מיר א וואונדער, ווי פיליפ קאן פון אים אויסהאלטן.

העלען: וואס זאל ער טאן? ער איז דאך א פאמיליען-מאן. מיינסט עפעס ס'איז לייכט היינטיקע צייטן צו קריגן ארבעט פאר 22 דאלער א וואך?...

פרעד: וואו איז איצט פיליפ?

העלען: ער איז אוועק צו א דאקטער. עס האט אים אנגעהייבן שטעכן אין רעכטער זייט. מסתם דער אפענדיקס... מער וועט אים ניט פעלן, אז דער געלער הונט וועט קומען און אים דא ניט טרעפן!...

(זי נעמט ווידער שנעל ארבעטן און זינגט זיך צו).

פרעד: סעי, קיד, וואס טוסטו היינט אוונט?

העלען: דאס זעלבע וואס יעדן אוונט.

פרעד: פילייכט וואלסטו מיט מיר ערגעץ געגאנגען?

העלען: דו האסט דען געלט?

פרעד: אף א מואווינג פיקטשור אין „קאמעט" וועט זיך נאך געפינען.

(ער גייט צו, פרובירט זי א קיצלטאן, זי לאזט זיך נים).

העלען: לאז צורו.

פרעד: דו ווייסט „גוד לוקינג"? — איך האב דיך ליב.

העלען: טאקע?...

פרעד: איך זאל אזוי געזונט זיין. דו ביסט דאך א שיינהייט, א גוטע באלעבאסטע, א מויד מיט אלע מעלות, א מאן וועט פאר דיר לעבן גליקלעך... ווען דו ווילסט נאר, גיי איך מיט דיר חתונה האבן.

העלען: אזוי!... טאקע? אפילו חתונה האבן?

פרעד: כאטש היינטיקן טאג וואלט איך מיט דיר חתונה געהאט.

העלען: גיי, פרעד, — דו מאכסט שפאס.

פרעד: זאָל איך קראַפירן דאָ אַפן אָרט, אויב איך מאַך שפּאַס.

העלען: (לאַכט זיך שטאַרק פאַנאַנדער) אַ גליק וועט מיך טרעפן! אַזעלכע חתנים ווי דו, האָב איך שוין געקאָנט האָבן אַ טויזנט... גרויסער פּאַרדינער וואָס דו ביסט...

פרעד: אַלע זייט איר ווי פון איין שטיק, — איר זוכט נאָר רייכע מענער. באַ אייך, פרויען, איז חתונה אַ ביזנעס.

העלען: רוף דאָס, ווי דו ווילסט, נאָר אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַזאַ פּאַרשוין, ווי דו, — וועל איך נאָך דאַרפן דיר געבן עסן. אַ שיין עסק! (זי קערט אַריין אין די אינוווייניקסטע צימערן. עס הערט זיך נאָך לאַנג איר געזאַנג. פרעד נעמט פאַנאַנדער זיינע לעדערנע שמאַטעס און צעהענגט זיי אַף אַ בענקל באַם אויוון. עס הערט זיך שווערע הילצערנע טריט. מאַיק דער קריפּל קומט אָן. מאַיק איז אַ ברייט־ביייניקער, הויכער, רויטער מאַן. עס פעלט באַ אים די לינקע פוס. ער גייט אַף קוליעס. ער פעלצט זיך אָן מיט שמאַטעס כדי ער זאָל מאַכן אַ מער טראַגישן איינדרוק. ער הענגט אָן אַף זיך אַ זעקעלע מיט בלייפעדערס).

פרעד: וואוהין גייסטו אַזוי שפּעט, מאַיק?

מאַיק: נעדיינקט שוין היינט ניט גיין מער... (מיט כעס) „גאַ־דעמעט“, דער טייוול זאָל זיי כאַפּן! — געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אַף דער 23טער סטריט, ביים סאַבוויי, דורכגעפראָרן אַלע ביינער און געמאַכט בלויז 45 פענים. זיי גיבן ניט, די „בעסטערדס“! דאַכט זיך, אָן אמת׳ער קאַליקע, אַ מענטש אַף איין פוס, — דאַרף מען בעסער? און מען גיט ניט. אַ בראָך צו זייערע ביינער!... גייען פאַרביי טויזנטער מענטשן, — און קוים איינער וואַרפט אַריין אַ פעני, און ווידער אַ פעני. צוויי בלאַסע אָפּים־מיידלעך, האָבן אַריינגעוואָרפן צו ניקלס, — און ווייטער — אַלץ פענים. דער טייוול זאָל זיי נעמען!...

פרעד: שלעכטע צייטן אין אַמעריקע, איז אויך שלעכט פאַר בעטלער... וואוהין גייסטו איצט, מאַיק?

מאַיק: איך גיי צו דער פופציקסטער סטריט. אַרום אַכט אַ זייגער הייבט מען אָן גיין אין די טעאַטערס. דאָרט קאָן מען עפּעס מאַכן. ס׳גייען די רייכע מיט די מוידן, — ווילן זיי זיך אויסבאַווייזן, — וואַרפן זיי אַריין ניקלס, אַמאָל דיימס... נו, איך גיי שוין.





זאָג פיליפן — ער זאָל ניט פאַרשליסן... איך וועל קומען אַרום איינס אַזייגער.

פרעד: גוט, איכ׳ל אים זאָגן.

(מאַיק גייט אַפּ. פרעד שטופּט אָן טאַבאַק אין זיין קאָרן־קאָב־פּייפּ און פאַררויכערט. עס קומט אָן דזשאָ און גייט גלייך צום אויוון. דזשאָ איז אַן אַפּגעריסענער אַלטער טרעמפּ, מיט צעשויבערטע גרויע האָר, מיט אַ פאַרשיכורטן פּנים).

דזשאָ: נאָר קיינער נישטאָ?

פרעד: עס איז נאָך פרי... האָסט עפּעס היינט גוט אויסגעמאַכט?

דזשאָ: אַ גוטן טאָג געהאַט. אַרומגעהאַנגען לעבן וואַנאַמייקערס. האָב זיך אַנגעטשעפּעט אָן אַן אַלטער דאַמע — האָט זי מיר צוגעוואָרפן אַ האַלבן „באָק“. דורכן טאָג צוזאַמענגעשנאָרט אַ דאָלער מיט 40. געגעסן אַ רייכן מאָלצייט אין דער „אוּאַי“, געכאַפּט אַ שנאַפּס אין מעקרידים, געקויפט טאַבעקאַ...

פרעד: דו, דזשאָ, ביסט אַ גליקלעכער גאַי. אַלע טאָג שנאָרעסטו צוזאַמען מער ווי אַ דאָלאַר, די אַנדערע — קומען צוריק מיט אַ 40 50 סענט. און אייניקע מיט נאָך ווייניקער.

דזשאָ: ווייל זיי זיינען נאַרנישטן, טייגעניכטסן, און איך בין אַ „פראָפעס“. דעמעט, מען דאַרף זיין אַ פּסיכאָלאָג, אַ מענטשן־קענער, אויב מען וויל באַ יענעם אַרויסשלעפּן אַ פּאָר קלינגערס... ווען איך טרעף אָן אַ דזשענטלמען מיט אַ ליידי, אָדער צוזאַמען עטלעכע סאָסייעטי פרויען, וועל איך שוין ניט אַוועקגיין מיט ליידיקס. נאָ, סערי! זיי ווען זיך שוין פון מיר ניט אָפּטשעפּען...

(מוני קומט אָן. מוני איז אַ קרעפּטיקער, געוויקסיקער יונגער אַרבעטער מיט אַ שוואַרצן קאָפּ געגרייזלטע האָר מיט אָן איינדרוקספולן, קלוגן פּנים. ער איז אָרים, אָבער ריין געקליידעט. ער טראָגט אַ קליין פּעקל. העלען לויפט אַריין, קוקט אים אָן אַביסל פאַרוואונדערט).

העלען: וואָס ווילסטו, בראָדער?

מוני: קען מען דאָ איבערנעכטיקן?

העלען: (קוקט אים אָן צופרידן) געוויס... אויב דו האָסט אַ קוואָדער — קאָנסטו קריגן אַ רום, און אויב 15 סענט — דאַרפסטו גיין „אַפּסטעירז“ אין דער „דאָרמיטאָרי“.

מוני: נו, אַזוי פיל געלט האָב איך נאָך.

העלען: זעץ זיך, מאַך זיך באַקוועם. (מוני לייגט אַוועק זיין פּעקל, זעצט זיך, קוקט זיך אַרום. העלען באַמערקט פרעדס שמאַטעס פאַנאַנדערגעהאַנגען) דו, פרעד, וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלייגט מיט דיינע נאַסע שמאַטעס? — דער געלער קאָן נאָך באַלד אָנקומען.

(העלען לויפט אַוועק. פרעד נעמט צוזאַמען זיינע שמאַטעס. מוני נעמט עטלעכע בלעטער פון „קריסטשען מאָניטאָר“, קוקט אַריין און וואַרפט עס באַלד אַוועק. ער שלעפט אַרויס פון קעשענע אַ „דעילי וואָירקער“ און לייענט).

דזשאָ: דו ביסט, באָדי, אַפּנים ניט קיין היגער? נאָך דיך קיינמאָל אויף דער בויערי ניט געזען. (ער נעמט אַרויס קליינגעלט און ציילט).

מוני: איך קום פון קליוולאַנד. צוויי וואָכן זיך געשלעפט. געקומען זוכן אַרבעט.

פרעד: האָסט געטראָפן די ריכטיקע צייט צו קומען זוכן אַרבעט. אונדזערע ניו יאָרקער גייען אַרום אין די צענדליקער טויזנטער שוין מאָנאַטן לאַנג אָן אַרבעט... דו האָסט געזען די ברויט-ליינס אַרום די מיסיאָן-הייזער?

מוני: געזען.

פרעד: און וואָס עס טוט זיך לעבן די „עמפּלאָימענט אָפיסעס“ האָסטו געזען? און די הונגעריקע, וועלכע שרייען: „העלפט די אַרבייטסלאָזע!“ „קויפט עפּל!“, „קויפט קענדי“, האָסטו געזען?

מוני: נאָך ווי געזען...

דזשאָ: (שלאָגט זיי איבער) גוטע צייטן, שלעכטע צייטן, — אָבער אַביסל „בוז“ דאַרף מען גיין קויפן. (ער גייט אָפּ).

פרעד: וואָס איז דיין פאַך, יונגערמאַן?

מוני: איך בין אַ מעכאַניקער בײַ אָטאָמאָבילס.

פרעד: מ'זאָגט אַז אין דיין טרייד איז אויך גרויסע צרות!

מוני: נאָך אַלץ הייסט צרות... ניטאָ קיין אַרבעט, און די ביסל





וואָס אַרבעטן, זיינען געצוואונגען צו אַרבעטן פאַר אַ הונגער-ליין.

פרעד: צייטן דערלעבט! — מענטשן מיט שטאַרקע הענט ווילן טאָן יעדע אַרבעט און ניטאָ וואָס!... זעסטו, אָט פאַר די טרעמפּס און שיכורים, וואָס וואַלגערן זיך אַרום דאָ אויף דער בויערי, פאַר זיי אַרט מיך ניט. זיי זיינען פּויליאַקעס, — אָבער ס'געפינען זיך דאָ איצט אויף דער בויערי אַרבעטער פאַכלייט אין די טויזנטער, אויף זיי איז אַ רחמנות... אָט נעם מיך, אַ מענטש מיט אַ טרייד — אַ „ווינדע-קליינער“. איך האָב אַ קראַנקע טאָכטער אין אַ „האָום“, שיק איך איר 4 דאָלער אַלע וואָך. לעצטע וואָך געמאַכט נאָר 7 דאָלער...

מוני: באַלאַנגסט צו דער יוניע?

פרעד: איך מאַך קוים אַ לעבן פאַר זיך, נאָך גיין אָנשטאָפּן די יוניע מיט געלד; דערצו די סטאַרקיפּערס דאָ אַרום האָבן פיינט יוניע-לייט.

(דזשאָ קומט אָן מיט אַ פלאַש שנאַפּס).

דזשאָ: (צו פרעדן) ווילסט אַביסל?

פרעד: איז דאָס גוטער בוז?

דזשאָ: וואונדערבאַרע סטאָף!... וואַרעמט פאַנאַנדער אַלע גלידער.

פרעד: טאָ גיב אַהער. (ער נעמט און טרינקט אַביסל, גיט עס צוריק) פוי, ס'אַראַ פאַסקודסטווע!

דזשאָ: (צו מונין) און דו, יונגערמאַן, ווילסט אַביסל?

(מוני נעמט און שמעקט דעם שנאַפּס).

מוני: טרינקט דאָס ניט — עס איז „הוטש“. דו וועסט אַוועקפייגערן פון אַזאַ שנאַפּס.

דזשאָ: וועל איך אַוועקפייגערן, וועט זיין ווייניקער מיט איין שיכור. (ער טרינקט פון פלאַש).

מוני: עס וועט דיר צעברענען דיינע קישקעס. טרינק דאָס ניט. עס איז „וואוד-אַלקאָהאָל“.

דזשאָ: וואָס ווייסטו וואָס גוט איז, דו „סיסי“!... אויך מיר מבינים אויף בוז!...

(ער טרינקט און זינגט זיך פאַנאַנדער).

וועז מיין בויך איז שוין אַ פולער,
איז מיר גוט.
האָב איך נאָך אַ פריינט אַ טאָלער
אי, ווי גוט!
כ'לויף אין שיינקל באַלד נאָך יאַש,
טאַנץ אַ פריילאַכס מיט אַ פלאַש,
לאָך מיר שיכור'לעך און וויין —
אַליין...

(עס קומען אַן אוינציקווייז טרעמפּס, בעטלער און עטלעכע אַרבעטלאָזע. זיי גייען צום אויוון און וואַרימען זיך, און נאָכדעם זעצן זיי זיך אוים אַף די בענקלעך. די מערסטע רויכערן; עטלעכע קוקן אַריין אין צייטונגען; אייניקע דרעמלען; אייגער פאַרריכט זיינע קליידער; אייגער פּעדלט מיט אַן אַלטן „סייפטי רייזער", אַ צווייטער מיט אַ צעבראָכן שפּיגעלע. עס קומט אָן אַן אַלטע אָפּגעריסענע, שיכורע בויערי־פרוי. זי איז אָנגעפּלעצט אין שמאַטעס. אירע גרויע האָר זיינען צעפּאַטלט. זי רויכערט אַ סיגאַרעט. אַמאָל בלאָזט זי אַריין דעם רויך אומיסנע אומעצן אין פּנים אַריין. ווען זי רעדט, טשעפּעט זי זיך מיט די הענט און שפּייט מיטן כאַראַקטעריסטישן טרעמפּישן כראַק).

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: העי, „יוז גאַיס", קאָן איך דאָ נעכטיקן?

פ ר ע ד: פון מיינטוועגן קאָנסטו. — נאָר דאָס איז אַ הויז נאָר פאַר מענער.

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: און אַז פאַר מענער איז וואָס?... טאָר איך דאָ ניט איבערנעכטיקן? (העלען קומט אָן).

פ ר ע ד: פרעג איר.

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: סעי, גוד-לוקינג, קאָן איך דאָ נעכטיקן?

ה ע ל ע ן: ניין, מייערינקע, דאָס איז אַ הויז בלויז פאַר מענער.

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: אַזוי! בלויז פאַר מענער... העל, אַלץ איז פאַר די מענער. די גאַנצע וועלט האָבן פאַרכאַפּט די בעסטאַרדס. וואו איך קום אַריין, זאָגט מען מיר — בלויז פאַר מענער...

ה ע ל ע ן: נו, גיי שוין!

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: אַל בעטשיו, דו דענקסט אַז איך האָב ניט





קיין קלינגערס. זאָל איך אַזוי לעבן, גוד-לוקינג, ווי איך האָב 20 סענט. (זי זוכט אין די קעשענעס, געפינט 2 דיימס) זעסט? — איך האָב 20 סענט.

ה ע ל ע ן: איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דער פּלאַץ איז נאָר פאַר מענער. גיי אַף ריווינגטאָן סטריט.

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: צום טייוול מיט אייך אַלעמען! — וואָשן פּאַד-לאָגעס מעגן מיר אומעטום, אוסיזויגן אונדזער בלוט מעג מען איבעראַל און איבערנעכטיקן לאָזט מען ניט... פוי, פּאַסקודניאַקעס, הינט, בעס-טיעס!... טו העל מיט וואומען סאַפרעדזש! טו העל מיט דער דעמאָ-קראַטיע!... סגעהערט? וואו מען קומט אַריין — בלויז פאַר מענער. מיוחסים, בעסטאַרדס...

ה ע ל ע ן: גיי בעסער, — באַלד וועט דער באָס אָנקומען. ער איז אַ בייזער, ער קאָן נאָך דיך פון די שטיגן אַרונטערוואַרפן.

ב ו י ע ר י - פ ר ו י: איך האָב דיך אין דר'ערד מיט דיין באָס צוזאַמען... (זי באַמערקט די שנאַפּס) גיב אַביסל, באַדי! נאָך היינט קיין טראָפּן אין מויל ניט געהאַט. (דזשאָ גיט איר די פלאַש; זי כאַפּט זיך צו און טרינקט האַסטיק. זי איז אַ בעלן אויסצוטרינקען אינגאַנצן. דזשאָ רייסט באַ איר אַרוים די פלאַש, טרינקט אַליין און זינגט ווידער. ווען ער פאַנגט אָן זינגען פאַנגט די בויערי־פרוי אָן צו שמייכלען און לאָזט זיך טאַנצן אַ פריילאַכס. דזשאָ זינגט:

האָב איך ניט קיין איינציק גראָשן,
איז ניט גוט.
שיינק — פאַרמאַכט, די פרייד — פאַרלאָשן.
אי, ניט גוט!
דורשטיק בין איך, מדבר-טרוקן, —
גרייט צום שד אַליין זיך בוקן,
. פאַר איין זופּ פון וואָס-איך-מיין —
אַליין.

אַלע אָנוועזנדע אַמוזירן זיך, שרייען: „זינג נאָך, דזשאָ!" דזשאָ זינגט ווידער און די פרוי מאַכט שטיק און טאַנצט.

ביסטו מיט מיר, חבר מיינער,
איז מיר גוט.
ווער איך פריי, ווי אַ ציגיינער —
אַי ווי גוט!
צינדסט און וואַרימסט מיר מיין בלוט,
איז מיר בעסער נאָך ווי גוט,
ווערט מיין מיאוסע וועלט מיר שיין
דורך דיר אַליין.

חעלען, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך אַמוזירט, דערמאַנט זיך אָן אירע פליכטן, פאַנגט זיך אָן צו בעטן).

העלען: נו, חברה, גענוג שוין! דער באָס קאָן נאָך אָנקומען! (צו דער בויערי־פרוי) און דו גיי שוין...

בויערי-פרוי: דו בעסער טרייב מיך ניט. — איך וועל אַליין גיין... געהערט אַזוינס! איך האָב צוואַנציק סענט, און זי טרייבט מיך. אָט האָט איר אייך דעמאָקראַטיע!... וואומען-סאַפרעדזש!... (עס לויפט אַריין מיט אַ געפּילדער אַן איינגעהייקערטע פרוי מיט אַ גרויסן קויש פרעצלס; זי ווענדט זיך צו יעדן איינעם, שרייט).

פרוי: קויפט פרעבלס! צוויי אַ ניקל. קויפט! האָט רחמנות! איך בין אַן אלמנה. איך האָב דריי קינדער צו דערנערן. קויפט פרעצלס!

בויערי-פרוי: (שטופּט איר צען סענט) גיב צוויי פרעצלס, ביזנעס-פרוי. (די פרוי גיט איר צוויי פרעצלס, וויל איר געבן רעשטע) איך דאַרף ניט קיין רעשטע. איך האָב נאָך אַ גאַנצן דיים צופיל. (זי עסט די פרעצלס און לאָזט זיך גיין. באַם טיר קערט זי זיך אום און פאַר־נייגט זיך. סאָ לאָנג, גאַים!... (זי גייט אָפּ. מוני קויפט אויך פרעצלס. העלען גייט אָפּ).

מוני: זאָג מיר, מיסעס, וויפל מאַכסטו אַ טאָג?

פרוי: ווי אַ טאָג. אַמאָל זיבעציק סענט, אַמאָל ניינציק סענט, און אַ מאָל אַ דאָלער.

מוני: אַזוי ווינציק!





פרוי: ווי קאָן מען אויסמאַכן בעסער, אַז עס איז דאָ איצט מער פאַרקויפער, ווי קונים.

מוני: ווי קומסטו אוים מיט אַזוי ווינציק?

פרוי: אַז מען דאַרף, ברודערקע, קומט מען שוין אוים. נו, איך מוז לויפן. איך האָב נאָך אַ פולן קויש מיט פרעצלס. (זי גייט אָפּ איילנדיק).

מוני: וואו נעמט זיך דאָס באַ די מענטשן אַזוי פיל געדולד? ווי קאָנען זיי אַריבערטראָגן אַזוי פיל צרות און ליידן?

דזשאָ: אָט דאָס רופסטו צרות?... אָט די אַלע, וואָס זיצן דאָ האָבן נאָך אַ סך מער צרות אַריבערגעטראָגן אין זייער לעבן... אָט נעם מיך, צום ביישפיל. מיינסט ווייניק דורכגעמאַכט? — ווייב און קינדער געהאַט — און פאַרלאָרן; אַן אייגן ווינקל געהאַט — און פאַר־לאָרן. אַלץ פאַרלאָרן...

מוני: ווי לאַנג, חבר, פירסטו אַזאַ לעבן?

דזשאָ: ניט אַלע מאָל, יונגערמאַן, בין איך געווען אַזוי. אין דער יוגנט בין איך געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. געאַרבעט, געשטרעבט, געלערנט... אָבער שפּעטער האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז אַלץ אַרום מיר איז פאַלש, ליגנעריש. אַלע גנב'ענען. נו, האָב איך אָף אַלץ און אַלעמען אַ שפּיי געטאָן.

מוני: אַנשטאָט צו קעמפן קעגן די פאַראַזיטן האָסטו אָף אַלץ אַ שפּיי געטאָן, און אָף זיך אויך...

דזשאָ: באָנק! קעמפן!... מיט וועלף קעמפן? ניט כדאי! איך שפּיי אָף זיי!...

פרעד: קעמפן, זאָגסטו? עס איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך. ס'איז דאָ מער גנבים און בלוטזייגער, ווי ערלאַכע.

מוני: קעמפט מען טאַקע קעגן די בלוטזויגער.

דזשאָ: ניי, דו ביסט נאָך גאָר אַ קינד! — קאָן מען דען קעמפן קעגן שיקזאַל? העל, אַלץ אָף דער וועלט איז ניט מער ווי אַ צו־פאַל!... (העלען קומט אַריין און הערט זיך צו).

מוני: אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז עס טאַקע אַזוי. ווערסטו געבאָרן באַ אַ רייכן — ביסטו דער הערשער און עקספּלואַ־

טירסט יענעם; ווערסטו נעבאָרן בא אַן אַרבעטער — ליגסטו אין פּראַנצן דיין גאַנצן לעבן. אַנדערש וועט עס זיין אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, — דאָרט וועלן אַלע זיין גלייך.

אַ טרעמפּ: עט, נאַרישקייטן. — איר וועט די וועלט ניט איבערמאַכן. עס וועלן אַלע מאָל זיין אָרימע און רייכע.

(עס שלעפּט זיך אַריין אַ בלאַסע, פאַרפראָרענע און הונגעריקע פרוי).

הונגעריקע פרוי: (מיט אַ פאַרשטיקטער פאַלצעט־שטימע) העלפט מיר, מענטשן!... איך בין פאַרפראָרן!... איך שטאַרב... (זי פאַלט אין חלשות. מוני, העלען און פרעד כאַפּן זי מינטערן).

העלען: אָך, מיין גאָט, איך וועל עס ניט אַריבערטראָגן! (זיי טראָגן די פרוי אַרויס אין די אינערלעכע צימערן. עס קומט אָן אַ סאַלוויישן־אַרמי מיידל).

סאַלוויישאָן-מיידל: (טיילט אויס אַלעמען דינע ביכלעך און זאָגט:

לעז דאָס, בראָדער, און דיין לעבן וועט זיין געראַטעוועט! האַלעלויאַ!
דזשיזוס וועט דיין נשמה רייניקן.
שטעל זיך אונטער דעם שוץ פון גאָט! האַלעלויאַ!...
ער וועט דיר דיינע זינד פאַרגעבן און דיין נשמה רייניקן!
האַלעלויאַ!

(זי זינגט און קלאַפּט צו מיטן פּויקעלע)

אַרבעטלאָזער: (וואַרפט דאָס ביכל אַף דר'ערד) איך האָב ניט קיין זינד און ניטאָ וואָס צו רייניקן!... (זי בלייבט שטיל). אָט מיט די נאַרישע ביכלעך ווילסטו פאַרפּעסטן אונדזערע מוחות!... מענטשן שטאַרבן פון הונגער און איר קאָרמעט זיי מיט פאַרשימלטן באָנקס!...

סאַלוויישן-מיידל: מיר טיילן אויס יעדן טאָג פּניף הונדערט קאָפּעס מיט ברויט פריי.

אַרבעטלאָזער: טו העל מיט אייער ברודנעם וואַסער און מיטן האַרטן ברויט! מיר דאַרפן ניט קיין טשאַריטי, מיר ווילן אַרבעטן!...





שטימען: ריכטיק!... גיט אונדז אַרבעט!... (די סאַלוויישן־מיידל טראָגט זיך אָפּ. מוני, העלען און פרעד קומען אַריין).

העלען: אומגליקלעכע! — אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט.

פרעד: זי איז טויט.

דזשאָ: זי איז טויט?... — נו, בעסער פאַר איר. זי וועט שוין מער ניט דאַרפן אַרומשלעפּן זיך איבער די מישאָן-הייזער...

העלען: אויסגעגאַנגען אַן עלנטע!... (זי כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) גאָט מיינער, כ'וועל דאָ משוגע ווערן! כ'קאָן שוין מער די צרות ניט צוקוקן!... שוין זשע קאָן די רעגירונג ניט אַרויסהעלפן?! אַזאַ רייכע לאַנד!...

מוני: אָט האָט איר אייך קאַפּיטאַליסטישע גערעכטיקייט!... אין דעם רייכסטן לאַנד פון דער וועלט שטאַרבן מענטשן פון הונגער און קעלט. — פאַרשאָלטן זאָל ווערן אַזאַ אָרדנונג!...

שטימען: (פול מיט צאָרן) אַ פלוך צו אַזאַ אָרדנונג!

פרעד: אָבער וואָס קאָן מען טאָן? ווי קאָן מען זיך העלפן?

מוני: איך האָב שוין אייך געזאָגט, אַז מ'דאַרף קעמפן. מ'דאַרף זיך אָרגאַניזירן. אַליין וועלן די רייכע זייער געלט ניט אַוועקגעבן. מ'דאַרף קעמפן. מיר אַרבעטער האָבן גאָרנישט צו פאַרלירן, נאָר אַ הערלעכע וועלט צו געווינען!...

דזשאָ: דו האָסט, בחור'עץ, אַ גאַנץ גלאַט צינגל. דו מוזט זיין אַ „סאָשעליסט“, — אָבער איך ווייס שוין אייער לידעלע. איך הער זי שוין פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר. איר זאָגט צו אַביסל מער... נו, און אַז מיר וועלן האָבן גאַנצע שיך און אַ פולע שיסל זופּ, וועלן מיר שוין זיין גליקלעך...

מוני: זעסטו, מיין פריינט, גראָדע ניט וועגן אַ שיסל זופּ האַנדלט זיך דאָ, נאָר וועגן דעם, אַז די אַלע אָנגערויבטע אוצרות פון די קאַפּיטאַליסטן, זאָלן געהערן צו אונדז אַרבעטער. אַלעס זאָל באַלאַנגען צו אונדז. אַלע שטעט און דערפער, דאָס גאַנצע פאַרם-לאַנד, אַלע פאַבריקן און מאַשינען, אַלע באַנען און שיפן, — אַלעס, אַלעס זאָל געהערן צו אונדז אַרבעטער.

אַרבעטלאָזער: ריכטיק!... דאָס איז ריכטיק!..

פרעד: איך זע שוין, — דו בחור, מוזסט זיין אַ רויטער פייערדיקער חברה'מאַן.

מוני: יאָ, איך בין אַ קאָמוניסט. (אַלע שטעלן אָן די אויערן).

דזשאָ: אַזש נאָר אַ קאָמוניסט!... אהאָ, „סאָר בוירד״!...

פרעד: אַן אמת'ער קאָמוניסט?... האָסט גאָר קיין מורא ניט?...

מוני: וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? דער אמת איז מיט אונדז. מיר אַרבעטער האָבן אַלעס מיט אונדזער בלוט און שווייס אויפגעבויט, און מיר דאַרפן עס באַזיצן.

פרעד: יאָ, די אידייע איז טאַקע אַ גוטע. איך פאַרשטיי — איר ווילט, אַז אַלע מענטשן זאָלן האָבן אַ גלייכן טשענס, אָבער ווי אַזוי וועט איר עס פאַרווירקלאַכן?

מוני: גאָר איינפאַך. מיר וועלן די גאַנצע רייכטום פון יעדן לאַנד נאַציאָנאַליזירן, אָדער, איינפאַכער גערעדט, מיר וועלן עס אָפּנעמען בא די קאַפּיטאַליסטן און עס אַוועקגעבן צו די האָרעפּאַשניקעס.

פרעד: און וואָס וועט איר טאָן, אַז די קאַפּיטאַליסטן וועלן אַרויסשיקן קעגן אייך אַ באַוואָפנטע אַרמיי?

מוני: דער ווילן פון פאָלק איז שטאַרקער פון דער אַרמיי. און עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די זעלבע אַרמיי זאָל אויסדרייען אירע קאַנאָנען קעגן אונדזערע שונאים, די קאַפּיטאַליסטן, אַזוי ווי עס איז געשען אין רוסלאַנד.

פרעד: און אַז זיי האָבן געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — דענקסטו, אַז דעם אַרבעטער לעבט זיך דאָרט בעסער ווי דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער?

מוני: געוויס לעבט זיך דעם אַרבעטער אין רוסלאַנד בעסער. די באָלשעוויקעס האָבן אָפּגעשאַפט פּריוואַט אייגנטום, פאַרניכטעט אַלע האַנדל-וואַנדל פּאַראַזיטן, און גיבן אַלע מעגלעכקייטן דער אָרימער באַפעלקערונג צו ווערן פּראָדוקטיווע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט.

טרעמפּ: דערווייל הערן מיר, אַז אין רוסלאַנד איז אַלץ צעשטערט און נאָך גאָרנישט אויפגעבויט.





דזשאָ: עס זעט זיך ניט אָן, אַז רוסלאַנד זאָל מאַכן עפּעס פּראָגרעס...

מוני: איך ווייס ניט וואו איר קריגט אייער אינפאָרמאַציע. מסתם פון די געלע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען. פאַרקערט, סאָוועטנלאַנד בויט זיך און מאַכט גרויס פּאָרשריט: זי בויט פאַבריקן, בויט באַנען, בויט עלעקטרישע סטאַנציעס, בויט נייע שטעט און דערפער. זי העלפט מיט וואָס זי קאָן די פּויערן-קאָלעקטיוון. דאָ בא אונדז אין אַמעריקע אַרבעט קליין און גרויס פאַרן קאַפּיטאַליסט, — ווערט דער קאַפּיטאַליסט אַלץ רייכער און דער אַרבעטער ווערט אָרימער; דאָרטן אַרבעט דאָס פאָלק פאַר זיך, פאַר זיין אייגענעם וואוילזיין. דאָ הערשט קאָנקורענץ, כאַפּ-לאַפּ, גנבה, גזלה; דאָרטן ווערט אַלעס איינגעפירט פּלאַנמעסיק און סיסטעמאַטיש. דאָ ווערט די אַרבעטלאָזיקייט אַלץ גרעסער און גרעסער, דאָרטן פעלן אויס אַרבעטער. דאָ שרעקט זיך דער אַרבעטער פאַרן מאָרגן, דאָרטן, אין סאָוועטן פאַרבאַנד, זאָרגט די רעגירונג פאַר אירע בירגער. פאַר אַ וואוינונג צאָלט דער אַרבעטער זייער ווייניק, עטלעכע וואָכן וואַקאַציע קריגט ער, מעדיציניש באַהאַנדלונג איז פריי, זיינע קינדער שטודירן אַפן קהל'ישן חשבון און נאָך צענדליקער פּריווילעגיעס האָט דער אַרבעטער. זעט איר דען, חברים, ניט איין, אַז דאָרטן איז דעם אַרבעטער בעסער ווי דאָ?

אַרבעטלאָזע: ריכטיק! דאָס איז אַלץ אמת!...

מוני: די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע איז באַנקראָט. דער קאָמוניזם פאַרשפּרייט זיך צווישן אַלע פעלקער אַלץ מער און מער...

העלען: דיינקסטו, בראָדער, אַז דאָ בא אונדז אין אַמעריקע וועלן מיר ווען אויך האָבן סאָוועטן?

מוני: מיר קאָמוניסטן וועלן אַזוי לאַנג קעמפן, ביז וואַנען די גאַנצע וועלט וועט ווערן איין סאָוועטן-פאַרבאַנד.

פרעד: דו ווייסט, רויטער חברה-מאַן, איך דענק, אַז דו ביסט טאַקע גערעכט.

אַרבעטלאָזע: ערשט געקומען צום שכל!... געוויס איז ער גערעכט!

פרעד: מיין גאַנץ לעבן גיי איך אַרום און טראַכט, פאַרוואָס האָרעוועט אַזוי שווער אַן אונדזער ברודער און פאַרמאָגט אַ קרענק און ליגט אין ווערים, — און די רייכע פּוסטעפּאַסניקעס טוען גאָרנישט און האָבן צום פרעסן, זויפן און צו הולטאַיעווען. — יע, איך דענק, אַז דו ביסט גערעכט.

אַרבעטלאָזע: געוויס איז ער גערעכט! (מוני לייגט אַרויס אַפן טיש עטלעכע „דעילי וואָירקערס" און ליפלעטס. אייניקע נעמען און לייענען).

מוני: חברים, לעזט די קאָמוניסטישע ליטעראַטור! שטייט צו צו אונדזער רויטער אַרמיי! און אַנשטאָט צו זינגען נאַרישע לידער, לערנט זיך אויס צו זינגען די לידער פון פרייהייט.

(ער פאַנגט אָן צו זינגען „די רויטע אַרמיי"... די אַרבעטלאָזע העלפן אַרויס. ביסלעכווייז ווערן די איבעריקע אויך אַריינגעצויגן. עס שאַפט זיך אָן ענטוזיאַסטישע שטימונג, פּנימער לייכטן אויף. דער באָס — אַ ברייט־בייניקער, אָפּגעפרעסענער געלער יונג קומט אָן, רויכערנדיק אַ סיגאַר. ער בלייבט שטיין אומבאַמערקט. ער הערט זיך צו גלייכגילטיק צום זינגען, נאָר ווען אים ווערט קלאָר די סיטואַציע, פאַנגט ער אָן צו שרייען).

באָס: שטיל זאָל זיין!... וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיקע לידער זינגט מען דאָ בּאַ מיר?!... (ער שרייט) פיליפּ!... העלען!.. (העלען גייט צו אַ דערשראָקענע). אַוואו איז פיליפּ.

העלען: ער איז אַוועק צו אַ דאָקטער — ער איז קראַנק.

באָס: איבערגעלאָזן די הויז אַף הפקר און אַוועק. אַזאַ נידערטרעכטיקער יונג! אַנשטאָפּן זאָל איך אייך מיט געלט, אָבער אַרבעטן ווילט איר ניט!... איך וועל זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען... (צו העלען) און דו, פּאַרשיווע מויד, קאָנסט ניט זען, אַז אַלעס זאָל זיין אין אָרדענונג? — זעסט אַ רויטן — טרייב אים גלייך אַרויס... (ער גייט צו צו מונין) דו, יונגער שנעק, ביסט געקומען דאָ בונטעווען?

מוני: (דרייסט) איך האָב זיי דערקלערט, וואָס קאָמוניזם איז.

באָס: (באַמערקט דעם „דעילי וואָירקער") אָט די געמיינע צייטונג האָסטו מיר אַהער פאַרשלעפּט?... אַרויס פון דאַנען דו פאַרפלוכטער





באָלשעוויס!... איך דאַרף דאָ ניט קיין רויטע!... אויב דו גלייכסט ניט די יו עס — גיי זיך אין דיין ווילדן, באַרבאַרישן רוסלאַנד.

מוני: אַמעריקע געפעלט מיר דווקא יאָ. און אַמעריקע איז מער מיין לאַנד, ווי דיין לאַנד — ווייל איך און נאָך אַזוינע ווי איך האָבן אַמעריקע אויפגעבויט. און איך באַשטיי, אַז אַמעריקע זאָל אויך ווערן אַ סאָוועטן-פאַרבאַנד.

שטימען: ריכטיק!... ריכטיק!...

באָס: (שטייט צוטומלט) איך גלייך ניט אַזוינע רייד בּאַ מיר אין האָטעל!... גיי פון דאַנען!... איך גיי באַלד רופן פּאָליציי!

מוני: איך האָב דיך אין דר'ערד, דו אָפּגעפרעסענער בורזשוי, מיט דיין קאָרופּטער פּאָליציי צוזאַמען!... קומט, חברים, און קאָמוניסטישן קלוב. דאָרט וועט מען אייך אויפנעמען ווי ברידער, און אויב איר וועט וועלן, וועט איר זיך אַנשליסן אָן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי...

אַרבעטלאָזער: איך גיי צו די קאָמוניסטן.

פרעד: איך גיי אויך צו די קאָמוניסטן, — בּאַ זיי זיינען אַלע גלייך. און נאָך מער, איך גיי זיך אַנשליסן אָן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

(עס ווערט אַ געשריי: „בראַוואָ פרעד!..." „לעבן זאָל **פרעד**!...")

העלען: (כאַפּט פון זיך אַרונטעררייסן אירע שמוציקע בגדים, שלײַדערט עס אַף דר'ערד) איך גיי אויך מיט אייך!... איך גיי אויך צו די קאָמוניסטן!... איך קאָן שוין דאָס מער ניט אַריבערטראָגן. גענוג צו זיין פאַרשקלאַפט אָט בּאַ דער געלער זשאַבע, אָט בּאַ דעם אוממענטשן... שוין דאָ באַלד מיינע גאַנצע כוחות פאַרלאָרן. איך גיי מיט אייך...

אויסגעשרייען: טרי טשירס פאַר העלען! הורריי!... מיר גייען צו די קאָמוניסטן.

(דער באָס שטייט ווי אַ צוטומלטער און ווייס ניט וואָס צו טאָן).

מוני: קומט, חברים, און שליסט זיך אָן אין אונדזערע רייען און העלפט בויען אַ נייע און פרייע געזעלשאַפט. אַ געזעלשאַפט, וואו אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון רעליגיע און קאָליר וועלן געניסן גלייך. באַפרייט זיך פון די קאַפּיטאַליסטן!... צערייסט די קייטן

פון שקלאַפעריי!... (צום באָס) און דו, פּאַראַזיט, נעלע פּיאַווקע, מים דיר און מיט דיין קלאַס וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל אָפּרעכענען!...

ארבעטלאָזע: (שרייען אויס) לאַנג לעבן זאָל דער קאָמוניזם!... לאַנג לעבן זאָלן די סאָוועטן! הוררי!...

(מוני פאַנגט אָן צו זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". פילע העלפן ארויס מיט גרויס ענטוזיאַזם. מוני לאָזט זיך גיין. פרעד, העלען און די אַרבעטלאָזע לאָזיך זיך גיין נאָך אים).

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם

1931



# ניט געלונגען

## [ אַ שפּאַס אין איין אַקט ]

### אַנטיילנעמער

1 בערל, אַ קליין און דאַר באַוואַקסן מענטשל, מיט אַ צעפּאַטלטער קאָפּ האָר, אַן אַ רעקל, צעריסענע הויזן.

2 שפּרינצע, זיין פרוי, הויך און דיק, מיט געלבלעכע פלעקן איבערן פּנים, אָנגעטאָן אין אַ סך פאַרלאַטעטע קליידלעך.

3 יאַנקאַ, אַ הויכער, שלאַנקער מאַן אין די זעכציקער, געראַזירט, מיט לאַנגע גרויע וואָנצעס, פון אונטער זיין היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק שטעקט ארויס אַ גרויע טשופּרינע האָר, טראָגט אַלטע קליידער און שמוציקע שטיוול.

4 ניסעלע, אַ צייטונגס אינגל.

אַן אַרימער קעלער אין דער ניו יאָרקער געטאָ. רעכטס — צוויי פענצטער, פון וועלכע עס קומט אַריין אַביסל ליכט, און אַ טיר. לינקס — אַן אַלטע סאָפע. אין הינטערגרונט — אַן אַלמערל מיט געשיר, אַף וועלכן עס שטייען טעפּלעך און סלאָיקעלעך, עטלעכע ליידיקע קעסטלעך און פּעסלעך פון פרוכט. לינקס, אין ווינקל, אַ פאָרהאַנג. הינטערן פאָרהאַנג אַ בעט. אין מיטן צימער אַ קליינער טיש אַף וועלכן עס ליגן אַ פּאָר צייטונגען, אַ בוך אָן טאָוולען; אַלטע בענקלעך. אין אַ ווינקל אַנגעוואָרפן אַלטע זאַכן און שמאַטעס. אַף די ווענט בילדער פון צייטונגען.

שפּרינצע: (וואַרפט פון צייט צו צייט אַ טרויעריקן בליק אַף בערלען און קרעכצט. בערל זיצט לעבן טיש פאַרטראַכט) נו, זאָג אַליין, בערל, וואָס וועט זיין דער סוף? ביז וואַנען, לאַ-יוצלח מיינער, וועסטו דאָס זיצן ליידיק? דענקסט איך האָב כח אַרומצושלעפּן זיך מיט די קאָשיקעס!... באַ לייטן זוכן מענער, גראָבן מיט דער נאָז און גע-

פינען עפּעס וואָס צו טאָן, און דו זיצסט גאַנצענע טעג און גענייצסט. ניטאָ קיין דזשאָב — ווערט מען אַ פּעדלער, האַנדלט מען מיט אַלטע זאַכן... נו, וואָס שווייגסטו תכשיט מיינער? — די צונג האָט דיר אָפּגענומען!

בערל: אַ, וואָס זאָגסטו?

שפּרינצע: גולם, דו הערסט אפילו ניט וואָס מ'רעדט צו דיר.

בערל: זיך אַביסל פאַרטראַכט.

שפּרינצע: זיך פאַרטראַכט. גרויסער קאָפּ-מענטש מיינער, פי-לאָזאָף! — איך וועל זיך אַרומשלעפּן מיט אַ קויש פּרוכט איבער די גאַסן און ער וועט זיצן און טראַכטן!... אוי, באַגראָבן זאָל איך דיך שוין, רבונו של עולם! סאַראַ פינצטערע דאָליע מיינע...

בערל: שילט זיך ניט, שפּרינצע, — דו וועסט נאָך אַמאָל חרטה האָבן.

שפּרינצע: איך זאָל דיך אפשר בענטשן? אַ שיינע מערכה האָב איך באַ דיר. שוין צוועלף יאָר פאַרהייראַט און ניט קיין קינד און ניט קיין רינד, און ווען איך זאָל ניט אַרויסהעלפן וואָלטן מיר געשטאָרבן פון הונגער. צו די אַלע מעלות דיינע האָסטו זיך נאָך אויסגעלערנט צו טרינקען. — דערפאַר האָב איך שוין דיין פריינטל יאַנקאָ'ן צו פאַרדאַנקען... דו הערסט, אויב יאַנקאָ וועט קומען — לאָז איך אים אין שטוב ניט אַריין. איך דאַרף ניט קיין שיכורים אין מיין הויז. קיין דירה-געלט צאָלט ער סיי ווי סיי ניט. (זי פאַר-קאַטשעט אַ האַלבן טוצן ציצענע קליידלעך, שטופּט אַריין אין אַ גרויסער קעשענע איר געלט-ביַיטעלע, טוט אָן אַן אַלטן אויבערמאַנטל, נעמט דעם קויש און גייט צום טיר. זי קערט זיך אום צוריק) יאָ, איך האָב גאָר פאַר-געסן... אָט דאָ אין דעם טעפּעלע (זי ווייזט אָן אַף איינעם פון די טעפּ-לעך) איז דאָ אַזאַ דזשעלע, דאָס איז פּויזן, סם פאַר די מייז. דו הערסט, זאָלסטו זיך צו דעם ניט צורירן, — דאָס איז געפערליכע סם פאַר די מייז. (שפּרינצע אָפּ. בערל קוקט אָן דאָס טעפּעלע, הויבט זיך אויף, מאַר-שירט אַרום, זינגט טרויעריק, זעצט זיך ווידער באַם טיש. שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אַף זיינע פויסטן און פאַרטראַכט זיך. יאַנקאָ קומט אָן מיט אַ שפּיל-קאַסטן אַף די פּלייצעס און מיט אַ גראָבן קורצן שטעקן. ער נעמט אַראָפּ פון





זיך זיין שווערע לאַסט, זינגט אונטער אַ גאַסן-לידל, ניט באַמערקנדיק בער-לען. ער שלעפּט אַרויס פון אַ הינטערקעשענע אַ היפּשע פלאַש שנאַפּס און טרינקט. ער גייט צו צום טיש, דערזעט בערלען).

יאַנקאָ: נו, וואָס זיצסטו, ברודערקע, ניט טויט, ניט לעבעדיק? וואָס, שוין ווידער געכאַפּט אַ פּאָרציע פון דיין שפּרינצען?... דו, נאַ-רעלע, מאַך זיך ניט הערנדיק, — זאָל זיך דיר דוכטן, אַז זי האָט דיך געבענטשט.

בערל: שלעכט, ברודער, פּאַסקודנע! — איידער אַזאַ לעבן איז שוין בעסער דער טויט.

יאַנקאָ: דו פאַנגסט שוין אָן ווידער נודיען. ניט געזאָרגט, בערטשיק, אָט האָסטו אַ פלאַש שנאַפּס... גיב גלעזלעך, וועלן מיר מאַכן אַ כוסה. (בערל רירט זיך ניט פון אָרט) נו, ווילסט ניט? דאַרף מען ניט. איך קאָן מיך באַגיין אָן אַ גלעזל. (יאַנקאָ טרינקט פון פלאַש). אַ טייער ביסל שנאַפּס! — וואַרעמט פאַנאַנדער די ביינער... נו, טרינק, בערטשיק! (ער שטעלט די פלאַש לעבן בערלען).

בערל: איך וויל ניט.

יאַנקאָ: טרינק, אַז מען גיט דיר!

בערל: מיין שפּרינצע האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל ניט טרינ-קען.

יאַנקאָ: הער זי ווי דעם קאָטער. וואָס ווייס אַ אידענע וואָס גוט איז... נעם אַביסל, בערעלע, וועט דיר באַלד פריילעך ווערן. (ער שטופּט אים די פלאַש, בערל קאָן מער דעם יצר-הרע ניט גובר זיין און טרינקט) אָט אַזוי ביסטו אַ מאַן. (קליינע פּויזע).

בערל: אומגליקלעכע מענטשן זיינען מיר, טויגעניכצן.

יאַנקאָ: ריכטיק, ריכטיק, איך בין אויך אַ טויגעניכץ.

בערל: דו פאַרשטייסט, יאַנקאָ, מיין לאַגע? — איך בין אַן אַרבעטסלאָזער — במילא אַ גרויסער קבצן און דלפון. די באָסעס דאַרפן ניט מיך, ניט מיינע הענט. קיינער קוקט זיך אַף מיר ניט אום. איך בין געגליכן צו שמוץ פון גאַס. אַן איבעריקער, נוצלאָזער מענטש בין איך — אַן אויסגעשפּיגענער.

יאַנקאָ: ריכטיק, ריכטיק. איך בין אויך אַן אויסגעשפּיגענער

און אַן אויסגעשפּילטער... באַ מיר, בערטשיק, איז שוין נאָך אַלע־מען, — נאָך אַלעמען... אַמאָל איז יאַנקאָ געווען אַ מענטש, אַ מענטש געווען. אַ סאָלדאַט געווען — אַ קאַוואַלעריסט. אַ קונצנמאַכער אין צירק — אַט וואָס איך בין געווען. געסמאַליעט, געברענט אַ וועלט, ליבעס געפירט... איצט, אַף דער עלטער, אַ בעטלער, — שלעפּ זיך אַרום מיט דער קאַטערינקע און בעטל נדבות, און אַז איך שנאָרע צו־זאַמען אַ דאָלאַר, קויף איך מיר אַ פלאַש משקה, מאַך לחיים און זינג מיר אַ לידל.

בערל: דו האָסט כאָטש אַמאָל געלעבט. האָסט גענאָסן פון לעבן אין דער יוגנט. איך בין אָבער אַלעמאָל אַן אומגליקלעכע באַשע־פעניש געווען. מיין טאַטע־מאַמע געדענק איך אפילו ניט. דערצויגן געוואָרן בין איך אין אַ יתומים אַנשטאַלט. אַרום פרעמדע טישן זיך געוואַלגערט. צו וואָס איך האָב מיך גענומען איז מיר געגאַנגען מיטן פּוטער אַראָפּ... אַט זעסטו דאָך, — אַז איך האָב זיך שוין אויסגע־לערנט אַזאַ טרייד ווי פּלאָמבינג, איז געקומען דער קריזיס — בויט מען ניט קיין הייזער, איז קיין אַרבעט ניטאָ... און גיין מיטן קאַשיק איבער די הייזער פּעדלען, דאָס קאָן איך ניט. שוין בעסער דער טויט... שלעכט, ברודערקע, שלעכט.

יאַנקאָ: יאָ, אמת, עס איז דיר אויך ניטאָ וואָס צו מקנא זיין. אָבער קלאָגן, בערטשיק, דאַרף מען ניט. נאַ, טרינק בעסער! (בערל טרינקט ניט, יאַנקאָ טרינקט אַליין).

בערל: הער נאָר, יאַנקאָ, איך האָב אַ פּלאַן, ווי אַזוי מיר קאָנען אויסגעלייזט ווערן פון אַלע אונדזערע צרות אין איינע פינף מינוט.

יאַנקאָ: ברודער בערטשיק, אויב נאָר אַ גוטער פּלאַן — נעמט יאַנקאָ אָן.

בערל: איך וויל מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעמען. עס איז שוין מיר נמאס געוואָרן די גאַנצע נאַרישע שפּיל.

יאַנקאָ: אַזוי גאָר! אַנו, באַווייז דאָס קונצעניו?

בערל: גאָר איינפאַך, — איך וועל זיך נעמען דאָס לעבן און פּטור.

יאַנקאָ: הא, וואָס זאָגסטו? זיך נעמען ס'לעבן? — שאַ, אפשר





טאַקע... (פאַרטראַכט זיך אַביסל) וואָס אָנצוּוואַרן? — כ'לעבן, בערטשיק, אַ גוטער איינפאַל!... (ער שטופּט בערלען מיט גוואַלד די פלאַש, בערל טרינקט).

בערל: פוי, ס'אַ שטאַרקע שנאַפּס, — ברענט אַזש אין די קישקעס. עס הויבט זיך באַ מיר אָן פאַרדרייען דער קאָפּ.

יאַנקאָ: הייסט עס, ברודער בערל, מיר נעמען זיך דאָס לעבן. — פיין, אויסגעצייכנט! (פּאַטשט בערלען איבערן פּלייצע) אַ וואונדער־באַרער איינפאַל!... בראַוואָ בערטשיק!... אַלזאָ מאַכן מיר דאָס האָקוס פּאָקוס לאַמטאַדרידל און הײדאַ גלייך אַף יענער וועלט. איך בין גרייט, בערטשיק, כאָטש די מינוט.

בערל: איך אויך.

יאַנקאָ: אָבער מיט וואָס מאַכן מיר דאָס, בערטשיק? — מיט אַ מעסער ביק? (פירט מיטן האַנט איבערן האַלדז).

בערל: ניין, יאַנקאָ, מיט סם.

יאַנקאָ: מיט סם? וואו־זשע נעמט מען אַ גוט ביסעלע סם?

בערל: פאַראַן, יאַנקאָ, פאַראַן. (ער ברענגט דאָס טעפּעלע מיט דעם סם פאַר די מייז) אָט דאָס האָט מיין שפּרינצע פאַרמישט דזשעלי פאַר די מייז. פאַרשטייסט, געפערלאַכע פויזן פאַר די מייז. לאָמיר נעמען צו לעפל און מירן ווערן פּאַרטיק.

יאַנקאָ: גוט, אויסגעצייכנט! לאָמיר זיך נעמען גלייך צו דער אַרבעט. צום ערשטן — אויסטרינקען די פלאַש בראָנפן: מען קאָן דאָך ניט אַזאַ גוטן פריינט איבערלאָזן איינעם אַליין... אַנו, ברודער־קע, צוויי גלעזלעך אַהער. (בערל ברענגט גלעזלעך, יאַנקאָ גיסט אָן). נו, לחיים, בערטשיק, לחיים! — מיר זאָלן דערלעבן זיך טרעפן אין אַ גוטער שעה אַף יענער וועלט. (זיי טרינקען. יאַנקאָ גיסט אָן דאָס לעצטע ביסל בראָנפן) טרינק דאָס לעצטע ביסל!... לחיים, וועלטעניו, צום לעצטן מאָל!... (זיי טרינקען ווידער) אַ יאָ, גוט? — עס ווערט וואַרעם אַ מחיה! אַזש נאָר עס ווילט זיך טאַנצן... טאַקע, בערטשיק, לאָמיר טאַנצן אַ טויטנטאַנץ. (ער שלעפּט בערלען מיט גוואַלד, קרייצט איבער אַ האַנט איבער אַ האַנט, ער זינגט אַ פריילעכס, זיי טאַנצן. יאַנקאָ טאַנצט מיט אַ ברען, בערל שלעפּט זיך נאָך. ווען זיי ענדיקן, זעצן זיי זיך ווידער אויס

באָם טיש) נו, איצט בין איך פאַרטיק, — פאַרטיק צו באַגעגענען די מלאכי-חבלה פון יענער וועלט. אהער צוויי לעפל, בערטשיק!

בערל: וואַרט נאָר אַ ווײַלע, אפשר זאָל איך איבערלאָזן אַ פּאָר ווערטער פאַר מיין שפּרינצען. ס'איז דאָך אָף איר אויך אַ רחמנות.

יאַנקאָ: אהא, דו קריגסט שוין קאַלטע פיס! דו האָסט שוין חרטה!... נאַרעלע, דיין שפּרינצע וועט גיין טאַנצן אַ פריילעכס, אז זי וועט פון דיר פּטור ווערן. נו, דו נעמסט?

בערל: יאָ.

יאַנקאָ: אהער צוויי גרויסע לעפל. (בערל ברענגט צוויי גרויסע לעפל, זיי נעמען אָן) אַ פולע לעפל, בערעלע, ניט געפּאָנפּעט! (באַ בערלען טרייסלט זיך די לעפל אין האַנט) ווער נעמט ערשט?

בערל: דו, יאַנקאָ, נעם צוערשט.

יאַנקאָ: אהאַ, דו שרעקסט זיך פאַרן טייוול, דו פייגלינג איי-נער!

בערל: לאָמיר נעמען ביידע גלייך.

יאַנקאָ: גוט, אליע האָפּ! (האַלטן אָפּ. קוקן זיך אָן פאַר-דעכטיק) נו, איינס, צוויי, דריי. (ביידע עסן. בערל צו ביסלעך, מיט שרעק, מאַכט זויערע גרימאַסן; יאַנקאָ שלינגט איין די גאַנצע לעפל) נאָך די גאַנצע לעפל, בערעלע.

בערל: אוי ביטער! עס ברענט! פוי... פוי...

יאַנקאָ: יאָ, עס ברענגט. ביטער! זיס!... בערעלע, נאָך צו לעפל. מען דאַרף עס מאַכן אָף זיכער. אז שטאַרבן — זאָל זיין גע-שטאָרבן. (יאַנקאָ נעמט אָן נאָך אַ פולע לעפל. בערל אַ צעשראָקענער קרימט זיך, בלאָזט פון זיך.) דו, בערל, אויך. — ניט קיין סלעקער. (בערל נעמט אָן אַביסל, שטעלט דאָס טעפּעלע אונטערן טיש, ביידע עסן, בערל קאָרטשעט זיך און גייט צו צום סאָפע).

בערל: אוי עס ברענט באַ מיר! גאָטעניו, שיק מיר דעם טויט וואָס שנעלער! (ער האַלט די הענט אָפן בויך און דרייט זיך אין קראָמפן).

יאַנקאָ: באַ מיר, בערל, ברענט שוין אויך אין האַלדז. גוד באַי, בערל! גוד באַי קאַטערינקע! — שוין באַגיין אָן יאַנקאָ, אויס יאַנקאָ. געווען אַ יאַנקאָ און ניטאָ מער קיין יאַנקאָ. פוי, ביטער! זיס!





פייער! לעשט!... (ער האַלט די הענט אָפן בויך) בערטשיק, טייערער, לאָמיר זיך צוקושן פאַרן טויט. (ער גייט צו און קושט בערלען.) גוד באַי, בערעלע, גוד באַי! פאַרגיב מיר, וואָס איך האָב דיר קיין דירה-געלט ניט געצאָלט!

בערל: איך שטאַרב!... איך זע שוין די יענע וועלט!... אוי, איך פלי... (בערל ציט זיך אויס אָפן סאָפע).

יאַנקאָ: איך זע שוין דעם זיבעטן הימל. איך זע שוין ווי די מלאכים טאַנצן און זינגען... (ער זינגט מיט אַ שכור'ער הייזעריקער שטי-מע: „גלאָרי הללויה..." ער זעצט זיך אָפן דיל. שפּרינצע קומט אָן).

שפּרינצע: וואָס טוט זיך דאָ?... (קוקט זיך אַרום) אהאָ, דער שכור איז שוין ווידער דאָ! — מען האָט זיך שוין ווידער אנגעטרונקען. אַרויס פון מיין שטוב שכורים, פּוסטעפּאָסניקעס, ליידאַקעס! שוין זאָלט איר אַרויס פון מיין הויז! אייער פוס זאָל דאָ מער באַ מיר ניט זיין!...

בערל: שריי ניט, שפּרינצעלע, — איך בין פאַרביי... איך ברען!... דער קאָפּ ברענט באַ מיר! די קישקעס ברענען... אוי, איך ווער פאַר'שרפ'עט!

יאַנקאָ: באַ מיר ברענט אויך, באַלעבאָסטע — ס'ברענט!

בערל: (פּאַטשט זיך איבער בויך) אָט דאָ ברענט. איך בין פאַר-ביי... זיי מיר מוחל, שפּרינצעלע, — איך פאָר... איך פאָר...

יאַנקאָ: איך פאָר אויך איך פאָר אויך. אַ גוטן, באַלעבאָסטע-ניו — איך פאָר שוין פון אייך אַוועק אָף אייביק. (ער זינגט שטיל: „גלאָרי הללויה...").

שפּרינצע: איר זייט אפּנים משוגע געוואָרן. (טאַפּט בערלען דעם קאָפּ) ער רעדט פון היץ. זאָג וואוהין פאָרסטו, בערל?

בערל: איך פאָר אָף יענער וועלט, צו מיין טאַטע-מאַמע און צו מיין זיידע-באָבע. איך פאָר... איך פאָר.

יאַנקאָ: איך פאָר אין אַ גאָלדענער קאַרעטע מיט זעקס פייער-דיקע פערד און אַ מלאכ'יטע איז די שמייסערן.

שפּרינצע: גוואַלד. בערל! וואָס האָסטו געטאָן? וואָס איז דיר געשען?

בערל: אוים בערל, ניטאָ מער קיין בערל. בערל איז שוין גע־שטאָרבן. איך האָב זיך פאַר׳סמ׳ט.

יאַנקאָ: איך אויך... (פּאַטשט זיך אין ברוסט) איך האָב זיך אויך פאַר׳סמ׳ט. איך דאַרף שוין איצט אַף כּפּרות אייער נאַסן קעלער. די קאַטערינקע דאַרף איך אויך ניט...

שפּרינצע: וויי און ווינד איז מיר! — זיי האָבן זיך פאַר־סמ׳ט.

(זי זעצט זיך אַנידער אַף אַ פּרוכט־קעסטל און פאַנגט אָן צו וויינען. עס לויפט אַריין ניסעלע, דער ציימונגס־אינגל, שרייט: „דעילי וואַירקער! פרייהייט! מעסעס!... ער לויפט צו צו בערלען).

ניסעלע: קויף אַ „פרייהייט“, בערטשיק.

בערל: זוך זיך שוין בעסערע קאַסטאָמער, ניסעלע.

ניסעלע: נעם, — דו וועסט מיר באַצאָלן אַנ׳אַנדערש מאָל.

שפּרינצע: לאָז זיי צורו מיט דיינע פּייפּערס. — זיי האָבן זיך פאַר׳סמ׳ט.

ניסעלע: ווער האָט זיך פאַר׳סמ׳ט?

שפּרינצע: זיי ביידע... וויי צו מיינע יאָרן! (זי וויינט ווידער).

ניסעלע: דו, בערל, האָסט זיך פאַר׳סמ׳ט? פע, דו ביסט אַ שוואַכלינג! — אַן ארבעטער טוט ניט אַזוינס.

בערל: אוי, עס ברענט... איך בין פאַרביי... איך שטאַרב... איך גוסס.

יאַנקאָ: „ציט זיך אוים אַפן דיל) איך שטאַרב שוין אויך... איך זע שוין ווי דער מלאך המות שאַרפט זיין מעסער. (ער שלאָפט איין. שפּרינצע הייבט זיך אויף, פאַנגט אָן אַרומגיין איבערן צימער, בלייבט אַ ווײַלע שטיין).

שפּרינצע: וואָס זאָל איך איצט טאָן? (פאַנגט מיט אַמאָל אָן שרייען) גוואַלד, מענטשן, העלפט! ראַטעוועט!...

ניסעלע: אפשר זאָל איך לויפן רופן אַן אַמבולאַנס?

שפּרינצע: ניין, שטיי דאָ. — איך האָב אַליין מורא דאָ צו





בלייבן. (זי גייט צו צו בערלען, גלעט אים) מיין טייערער, מיין ליבער, בערל, וואָס האָסטו געהאַט צו מיינע יונגע יאָרן? וואו וועל איך מיר איצט אַהינטאָן?... וויי און ווינד איז מיר.

בערל: זיי שטיל, שפּרינצע, — לאָז מיך שטאַרבן רואיק. וויין ניט. זיי מיר מוחל...

שפּרינצע: אַף וועמען לאָזסטו מיך איבער, מיין גוטער, מיין האַרציקער, בערעלע?... וויי איז צו מיינע יאָרן! — איך וועל דאָך בלייבן אַ וויסטע אלמנה.

ניסעלע: פאַר וואָס טוט איר גאָרנישט, שפּרינצע? מען קאָן זיי דאָך נאָך אפשר אָפּראַטעווען.

שפּרינצע: אוי, מיינע הענט און פים זיינען מיר אָפּגענו־מען!... העלף מיר!...

ניסעלע: האָט איר מילך אין הויז?

שפּרינצע: יאָ. (זי לויפט זוכן מילך, ניסעלע לויפט איר נאָך. זי געפינט אַביסל מילך ערגעץ אין אַ ווינקל. זיי לויפן צו בערלען. ניסעלע פאַרקוועטשט בערלען שטאַרק דעם נאָז, שפּרינצע גיסט אים דאָס מילך אין מויל. בערטשיק ווערט זיך) טרינק דאָס מילך, זאָג איך דיר!

בערל: אוי, איך ברען... לאָזט מיך שטאַרבן רואיק. איך וויל מער ניט לעבן... צוויי לעפל סם האָב איך איינגענומען.

שפּרינצע: בערעלע, טייערער, ליבינקער, וואו האָסטו גענומען סם?

בערל: גענומען אָט דאָרט, אין יענעם טעפּעלע... (ער ווייזט אָן אַף דר׳ערד לעבן טיש).

שפּרינצע: (לויפט צום טעפּעלע מיט די דזשעלי, זעט ס׳איז כמעט ליידיק, פאַנגט זי אָן צו שרייען) גזלנים! פרעסער! זויפער! אַ בראָך צו אייערעביינער! איר האָט דאָך מיר אויפגעגעסן דאָס גאַנצע טעפּעלע מיט איינגעמאַכטץ!... ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן עס אויפפרעסן. איך האָב אומיסטן געזאָגט אַף שפּאַס, אַז עס איז סם, כּדי די מנובלים זאָלן ניט דערשמעקן דעם איינגעמאַכץ...

ניסעלע: וואָס, עס איז ניט געווען קיין סם?

שפּרינצע: דעם איינגעמאַכץ האָבן זיי מיר אויפגעפרעסן, די זויפער.

(ניסעלע לויפט צו בערלען, טורקעט אים).

ניסעלע: שטיי אויף, בערעלע, שרעק זיך ניט. עס איז ניט געווען קיין סם, ס'איז געווען איינגעמאַכץ.

בערל: (הויבט זיך אויף) אַ? וואָס אַזוינס האָבן מיר אויפגעגעסן? איינגעמאַכץ גאָר און ניט קיין סם?

שפּרינצע: (קוקט ווידער אין טעפּעלע) אוי, אַ קלאָג איז מיר, דאָס גאַנצע איינגעמאַכץ האָבן זיי אויפגעפרעסן אַז אויפפרעסן זאָל שוין אייך דער מלאך המות! (צו בערלען) אַז באַגראָבן זאָל איך שוין דיך, אומגליק מיינער! (צו יאַנקאָן, קלאַפּט אים מיטן פּוס) אַרויס פון דאַנען, פּיאַניצע, שיכור! — דיין פוס זאָל דאָ מער ניט זיין!...

ניסעלע: (צו בערלען) אָט אַזוי איז שוין בעסער. דו, בערעלע, עס איינגעמאַכץ און מאַך אַז די באָסעס זאָלן עסן סם.

בערל: (ווערט רואיק, גייט צו צו יאַנקאָ'ן, וועקט אים פון שלאָף) שטיי אויף, יאַנקאָ. ס'איז ניט געווען קיין סם.

יאַנקאָ: (רייבט זיך די אויגן) אַ?... וואָס? נאָך אַלץ ניט געשטאָרבן?

שפּרינצע: אַז אויסקייקלען זאָל אייך די כאָלעריע כאָטש היינטיקן טאָג! אַז אויספייגערן זאָלט איר אַף אַן אמת, גאָטעניו, הארציקער!

בערל: מיר האָבן זיך אָנגעגעסן גאָר מיט איינגעמאַכטץ.

יאַנקאָ: איינגעמאַכץ גאָר? ניט קיין סם? (שטעלט זיך אויף) הייסט עס, היינטיקס מאָל איז עס ניט געלונגען?

בערל: ניט געלונגען, ברודערקע, ניט געלונגען.

פאָרהאַנג

1928



# מאַיקראָמאַניע

[ אַ סאַטירע ]

אָנטיילנעמער:

1 מיסעס קאַר
2 סיידי — איר דינסט
3 הערשל — אַ באַי אין פּרוכטגעשעפט
4 מיסעס האָניק — אַ שכנה
5 דר. מאָריסאָן

צייט — ווינטער פרימאָרגן. פּלאַץ — אַ גרויסע שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַ רייך־מעבלירטער צימער באַ דער פאַמיליע קאַר. רעכטס — אַ טיר צום שלאָפצימער. לינקס — אַ טיר צו דער קיך. אין הינטערגרונט — אַ „פּאָיער“, וואָס פירט צום אַריינגאַנג פון דרויסן. באַ די ווענט באַגילטע ווייכע מעבל, עטלעכע טישלעך. אַף איין טישל אַ טעלעפאָן, ביכלעך, קעסטעלעך מיט וואַטע; אַף אַן אַנדער טישל שטייען פלעשעלעך מיט קאָלירטע מעדיציינען, שאַכטלען מיט פילן. אָפן וואַנט הענגט אַ טערמאָמעטער. אָן אַ זוים שטייט אַ קינדער־וואַג. סיידי — אַ מיטליאָריקע פרוי פון נידעריקן וואוקס, טראָגט ברייטע הויז־קליידער — מאַכט אָרדענונג אין צימער און זינגט זיך אונטער אַ היימיש לידל. מען קלינגט. זי גייט עפענען די טיר, קומט צוריק מיט הערשלען, דעם גרינעם פרוכט־באַי. הערשל איז אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט אַ רויטן פנים, אָפּגעפרוירענע אויערן, זייער אָרים געקליידט. ער טראָגט אַ שווערן קויש מיט אויסגעפילטע אָרדערס. ער נעמט אַרויס אַ גרויסן פאַפּירענעם זעקל און גיט עס צו סיידין.

סיידי: ספּינאַטש און קאַליפלאָווער האָסטו געבראַכט, הערשל?

הערשל: יע, געבראַכט... אייער מאַדאַם איז געשטאַנען איבער מיין קאָפּ, מיך געאיילט און געהייסן די מינוט אַרויפברענגען. (ער זעצט זיך צו).

סיידי: עס ברענט בא זיי אַלעמאָל.

הערשל: זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז עפּעס אייער מאַדאַם אַלעמאָל אַזוי קרענקלעך?

סיידי: פאַרשטייסט, הערשל, ארבעטן פוילן זיך די מאַדאַנען, קיין זאָרג האָבן זיי ניט — איז מען שטענדיק נערוועז, אָנגעדרודלט, רעדט מען זיך איין אַלערליי קרענק... פוסטע מוחות.

הערשל: עס שמעקט בא נ׳אייך טאַקע מיט רפואות. וואָס? שוין אימיצער ווידער קראַנק דאָ?

סיידי: בא אונדז דאָ איז מען שטענדיק קראַנק, — פאַנסקע כוואַראָבעס.

הערשל: אַז זיי וואָלטן געדאַרפט שלעפּן אַ גאַנצן טאָג די קאָ-שיקעס מיט פּרוכט ווי איך, וואָלטן זיי ניט צייט געהאַט אַזויפיל צו קרענקען... נו, מ׳דאַרף שוין גיין.

סיידי: וואָס איילסטו זיך אַזוי, הערשל?

הערשל: מיין באָס האָט שוין אָפּגעזאָגט נאָך אַ מענטשן. געווען דריי, — איצט בין איך געבליבן איינער. ער האַלט אין איין שרייען: „שלעכטע צייטן!“, — שפּאָרט ער פון די מענטשן. איך וועל שוין דאַרפן אַרבעטן פאַר דרייען, און ער וועט נאָך מער אָנשטאָפּן זיין באַנק-ביכל.

סיידי: אַי, זיינען זיי סאָקערס די באָסעס! — היינט ווען זיי דערטאַפּן נאָך אַ גרינעם, וואָלטן זיי פון אים די הויט אַראָפּגעשונדן.

הערשל: וואָס זאָל איך טאָן? — די שוועסטער אַרבעט ניט, די מאַמע איז קראַנק, מוז מען שלעפּן די לאַסט און שווייגן... איצט איז זייער צייט; אָבער מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל מיט זיי אָפּרעכענען.

סיידי: הלואי ריבונו-של-עולם, אמן סלה!... נו, און וואָס הערט זיך מיט אַ רייז?

הערשל: איך קריג שוין 14 דאָלער. איך אַרבעט ווי אַ פערד פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט. קאָן אַפילו ניט גיין אין נייט-סקול, איך קוק ניט אָן די ווייסע וועלט...

סיידי: רעגעלע בלוטזייגער, — קאָנען אַ מענטשן פאַרמוטשען.

הערשל: (קוקט זיך אַרום, רעדט שטיל) איר ווייסט, סיידי, איך





טרעט אַריין אין דער פוד-וואָירקערס-יוניע. דאָס זיינען די לינקע חברה. זיי ווילן זיך דאָס אַנעמטאָן צו מיין באָס!... זיי ווילן שוין אָר-גאַניזירן מיין שאָפּ!... איר׳ט זען, סיידי, איך וועל שוין קריגן די ריכטיקע ווייזשעס!...

סיידי: יע, די לינקע, אַז זיי נעמען זיך — פירן זיי אויס... ווייסט וואָס, הערשל, זאָג זיי, אַז זיי זאָלן אָרגאַניזירן די דינסט-מיידלעך אויך...

הערשל: זיך פאַררעט. נו, איך מוז שוין לויפן.

(הערשל גייט אָפּ. סיידי נעמט זיך ווידער צום ריניקן. מיסעס קאַר קומט אָן באַלאַדן מיט פּעקלעך. מיסעס קאַר איז אַ שיינע, יונגע, בלאַסע ווייבעלע, אָנגעטאָן אין אַ סך פוטער־וואַרג. זיי לויפט אַריין האַסטיק).

מיסעס קאַר: וואָס מאַכט דאָס קינד?

סיידי: וואָס זאָל ער מאַכן. ער שלאָפט — איז שטיל אין הויז.

(סיידי טראָגט אַוועק די פּרוכט אין קיך און קומט צוריק. מיסעס קאַר טוט אויס אין איילעניש איר שווערן פוטער־מאַנטל, איר הוט און קאַלאָשן, וואַרפט עס אין אומאָרדנונג און לויפט אין שלאָפצימער. זי קומט באַלד צוריק אַ נערוועזע).

מיסעס קאַר: איך זע שוין ווידער בא אים שלעכטע סימפּטאָ-מען.

סיידי: שלעכטע — וואָס זעט איר?

מיסעס קאַר: סימפּטאָמען, סימפּטאָמען!... ס׳קומט שוין אַ נייע צרה אַף מיין קאָפּ. (ברעכט די הענט).

סיידי: איר רעדט זיך שוין ווידער איין אַ קרענק.

מיסעס קאַר: עס געפעלט מיר ניט, ווי דאָס קינד אָטעמט. עפּעס איז דער מער מיט אים: ער שלאָפט ניט רואיק, קוקט אויס בלאַס און שוויצט. דאָס אַלעס איז שלעכטע סימפּטאָמען.

סיידי: איך זע אַף איב גאָרנישט... הערט איר, באַלעבאָסטע, אַ חוץ זיין שאָדן אַף אַלע אָרימע קינדער געזאָגט געוואָרן.

מיסעס קאַר: ער שוויצט דאָך! איינגאַנצן אָפּגעגאָסן מיט

שוויים. איך האָב ערשט אַ טאַפּ געטאָן בײַ אים אונטער די אָרעמס — אינגאַנצן נאַס. און אָטעמען אָטעמט ער מיט אַ כריפּ, דאָס נעזעלע פּאַרלייגט. עס קוקט מיר אויס, ווי אַ כראָנישער בראָנכיטיס.

סיידי: ווי קאָן ער קראַנק זײַן, אַז ערשט מיט אַ שטונדע צוריק האָט ער אויפגעגעסן אַ גרויסע טעלער פאַרינע און אַ פֿינף-זעקס צוויבאַקס און פאַרטרונקען מיט אַ גלאָז מילך. ווען אַ קינד איז קראַנק, עסט עס ניט.

מיסעס קאַר: ער עסט, — אָבער ער האָט דען אַפּעטיט? איך דאַרף אים דאָך שטענדיק נויטן.

סיידי: דער דאָקטער האָט דאָך אײַך געזאָגט, אַז אײַער קינד איז פֿולשטענדיק געזונט. ער וועגט נאָך מיט ניין פונט מער, ווי פֿיל ער באַדאַרף.

מיסעס קאַר: זיי ווייסן דען עפּעס די דאָקטוירים!... זיי הערן דען אים אויס ווי עס באַדאַרף צו זײַן? בײַ די היינטיקע דאָק־טוירים איז אַלץ אָלרייט. עס אַרט זיי אַ סך פאַר מײַן קינד!... אָט גייט טאַקע, סיידי, וואַשט גוט אויס די הענט אין „לייסאָל“, און טוט אָן אַ דיזינפעקטעטן ווייסן „גאַון“ און גייט צום קינד. טוט אים אַ טאַפּ, אָבער וועקט אים ניט אויף.

(סיידי גייט אַפּ אין קיך. מיסעס קאַר נעמט אַ הויז־דאָקטאָר־בוך, מישט נערוועז און הייבט אָן לייענען — אַפּריער פאַר זיך און נאָכדעם אָפן קול. סיידי, אין אַ ווייסן גוירס־קיטל, קומט אַרײַן. זי בלייבט שטיין, הערט זיך צו, ווי די באַלעבאָסטע לייענט, שאָקלט מיטן קאָפּ, מאַכט מיט די הענט, ווי איינער מיינט — נו, משוגעים דאָ אַף דער וועלט. זי גייט אַפּ אין שלאָפצימער. מיסעס קאַר לייענט: „בראָנכיטיס איז אַן אָנטצינדונג אין דעם הייטל פון די ווינט־קאַנאַלן... בראָנכיטיס איז אַן ערנסטע קראַנקהייט. עס קאָן פירן צו ניומאָניע... די אָנטצינדונג פאַרשפרייט זיך פון די ווינט־קאַנאַלן צו די לונגען. די סימפּטאָמען פון בראָנכיטיס זײַנען: ס'פאַנגט אָן רינען פון נאָז, שנעלער אָטעמען, אַ קאַלטער שוויים, שנעלער פּולס און הויכע טעמפּעראַטור...“ זי מאַכט מיט שרעק צו דעם בוך. סיידי קומט אָן).

מיסעס קאַר: וויי איז מיר! — ער האָט אַלע סימפּטאָמען פון בראָנכיטיס... נו, יעצט גלויבט איר שוין, אַז ער שוויצט? איך





זאָג אײַך, סיידי, אַז מײַן קינד איז שטאַרק קראַנק.

סיידי: איר מעגט זיך, מיסעס קאַר, זאָגן וואָס איר ווילט. איך זע אַף אים גאָרנישט... כ'וויים, אַ לעבעדיק נפש'ל — האָט זיך אָנגעגעסן און אָנגעטרונקען ווי אַ פּייקעלע, שוויצט ער.

מיסעס קאַר: איר זעט דאָך קיינמאָל גאָרנישט. גייט בעסער רופט מיר אַרײַן מיסעס האָניק. (סיידי אַפּ. מיסעס קאַר גייט אַרום אַ נערוועזע, גייט צו צום וואַנט־טערמאָמעטער, קוקט זיך אײַן. דערנאָך בלע־טערט זי ווידער אַ מעדיצינישע ביכל. מיסעס האָניק און סיידי קומען אָן. מיסעס האָניק איז אַ קוילעכדיקע, פעטע, כלומרשט אַמעריקאַניזירטע אי־דענע) גוט וואָס איר זייט געקומען, מיסעס האָניק. מײַן קינד איז מיר שוין ווידער קראַנק.

מיסעס האָניק: וואָס אַזוינס זעט איר אין אים?

סיידי: איך זאָג אײַך, אַז עס איז בלויז אַן אײַנרײדעניש. דער אינגל האָט זיך אַביסל איבערגעגעסן — שוויצט ער. איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער געשטיפט און געלאַכט.

מיסעס קאַר: קינדער — ווי קראַנק זיי זאָלן ניט זײַן — שפּילן זיי זיך. ער שטייט דאָך קוים אַף זײַנע פיסלעך.

סיידי: ווייל ער איז צו שווער, קאָנען די פיסלעך דעם קער־פערל ניט אויפהאַלטן. איר שטאָפּט אין אים צופיל.

מיסעס האָניק: (צו סיידי'ן) מ'דאַרף זײַן פאַרזיכטיק, ווייל אין שטאָט בושעוועט יעצט טיפוס, דיפטעריע און ניומאָניע...

מיסעס קאַר: (אַ בייזע) איר ווילט עפּעס הערן, מיסעס האָ־ניק? — נעכט קום איך אַרײַן צום קינד, ערשט זי שטייט און קוקט צו ווי דאָס קינד בייסט די בעט...

סיידי: (קריגעריש) נו, איז וואָס פאַר אַ געפאַר? — ער מאַכט ציינדלעך, גריזשעט ער די בעט.

מיסעס קאַר: בײַ אײַך איז אַלעס אַ קלייניקייט. אָבער די בעט איז דאָך ניט סטעריליזירט? איר הערט דאָך, אַז די לופט איז אָנגעפּיקעוועט מיט טייפאָיד, דיפטעריע און ניומאָניע־באַצילן און מיט פאַרשיידענע „דזשוירמס“ און מיקראָבן.

סיידי: אַ גאַנצן טאָג אַלץ וואָס מען הערט בײַ אײַך איז:

דזשערמענס, מיקראָבן, כוואַראַבן... אַ געזונטער מענטש קאָן דאָ אויך קראַנק ווערן.

מ י ס ע ס ק אַ ר: (אַן אויפגערעגטע) איר הערט, מיסעס האָניק, לעצטע וואָך האָט זי מיר אָפּגעטאָן איין קלייניקייט: גייט און לאָזט אַריין דעם אייזמאַן אין הויז אַריין. דער איטאַליענער גייט שטענדיק אַרום אין די פינצטערע קעלערס— קאָנט איר זיך שוין פאַרשטעלן, וויפל מיקראָבן און באַקטעריען ער שלעפּט מיט זיך נאָך!... נו, וואָס זאָגט איר צו דעם?

ס י י ד י: דער אייזמאַן איז צען מאָל געזינטער פון אייך, כאָטש ער לייענט ניט אייערע דאָקטאָרשע ביכלעך מיט די פאַרשיידענע מיק־ראָבן און כוואַראַבן...

מ י ס ע ס ה אָ נ י ק: (צו סיידי'ן) די היינט־וועלטיקע פרויען דער־ציען זייערע קינדער לויט די לעצטע מעטאָדן פון די היגיענישע און סאַניטאַרישע געזעצן.

ס י י ד י: נו, און אַז איר האָדעוועט שוין אייערע קינדער נאָך דער נייער מעטאָדע פון די ביכלעך, — קרענקען זיי ניט באַ אייך? האָבן אייערע קינדער ניט געהאַט די „הופינג־קאָפס“, די בראָנכיטיס, און דיפטעריעס און כל־ערליי כאָלעריעס אין דער וועלט?...

מ י ס ע ס ק אַ ר: מיט איר וועט איך זיך ניט אויס'טענה'ן. קומט בעסער טוט אַ קוק אַפן קינד. (זיי גייען אַפּ אין שלאָפצימער. סיידי נעמט צונויף דער באַלעבאָסטעס זאַכן, רעדט ווי צו זיך — „נו אַ פאַלק די מאַדאַמען! פוסטע מוחות... עס חלומט זיי זיך רק מיקראָבן, דזשוירמענס, דעזינפעקציעס...“ מיסעס קאַר און מיסעס האָניק קומען אַריין צוריק.) איר האָט געהערט ווי ער אָטעמט? עפּעס דער מער מיט זיינע סיינוסעס, און די לונגעלעך מוזן באַ אים אויך זיין פאַרלייגט, — קוים וואָס ער אָטעמט. און דאָס, וואָס ער שוויצט, איז שוין גאָר אַ שלעכטער סימן. (צו סיידי'ן) גייט, סיידי, און מאַכט צו איינגאַנצן די פענצטער און וואַרפט אַף אים אַרויף נאָך צוויי קאָלדרעס — ווייל ער קאָן זיך נאָך גוט צוקילן און קריגן די ריכטיקע ניומאָניע. (סיידי, אומצופרידן, גייט אַפּ אין שלאָפצימער און בורטשעט פאַר זיך).





מ י ס ע ס ה אָ נ י ק: טאָמער וואָלט איר גאָר אָפּרופן אייער מאַן. — זאָל ער קומען...

מ י ס ע ס ק אַ ר: ער איז יעצט אין שטאָט ניטאָ. און אַז ער איז דאָ, וואָלט ער מיר אויך גאָר ניט געהאָלפן. ער איז ניט בעסער פון סיידין. אַז ער קומט אַהיים דערצייל איך אים פון די אַלע צרות, וואָס איך שטיי מיר אויס פון קינד, — ווי דאָס עסט ניט און וויינט, און קרענקט... שטייט מיין מאַן און חמה'ט זיך: „ווילסט, — זאָגט ער, — דאָס קינד זאָל זיין געזונט, צאָפּ אים אָפּ אַביסל שמאַלץ“. וויל איך רופן אַ דאָקטער, זאָגט ער, מען דאַרף ניט — עס וועט אַליין געזונט ווערן. די נאַטור, זאָגט ער, איז דער בעסטער דאָקטער. איר הערט, מיסעס האָניק, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זאָל זיך אַ צי־ווילעזירטער מענטש פאַרלאָזן אַף דער נאַטור! היינט ווי זאָל איך טענות האָבן צו סיידין?...

מ י ס ע ס ה אָ נ י ק: מיינער מיינט איר איז בעסער? מיינער זאָגט מיר: „מיין מאַמע האָט אויסגעהאָדעוועט עלף שטיק, ווי די ריזן און אָן דאָקטוירים, אָן 'עקס־ריי־פיקטשערס', אָן טערמאָמעטערס, און אָן בלוט־טעסטס“...

(דאָס קינד טוט עטלעכע מאָל אַ הוסט, מיסעס קאַר שפּרינגט אויף נערוועז און לויפט אין קינדס צימער, קומט באַלד צוריק אַ דערשלאָגענע).

מ י ס ע ס ק אַ ר: איר האָט געהערט ווי ער הוסט ער מוז האָבן אַ כראָנישן בראָנכיטיס. גאָט ווייס צו וואָס עס קאָן ברענגען — ער זאָל נאָך ניט קריגן לונגען אַנטצינדונג!...

מ י ס ע ס ה אָ נ י ק: איך דענק עס וואָלט ניט געשאַט צו רופן אַ דאָקטער.

מ י ס ע ס ק אַ ר: איך דענק אויך אַזוי. (זי גייט צו צום טעלעפאָן, רעדט) דייטאָן 9 - 6457... מיסעס קאַר... שיקט מיר גלייך דעם דאָק־טער! אָבער שנעל. ער מוז גלייך קומען. (זיי הענגט אויף דעם רע־סיווער, גייט אַרום נערוועז) מיינט איר, אַז ער קומט באַלד — איך וועל בעסער שיקן סיידין נאָך אים. (שרייט) סיידי!... סיידי!... (סיידי קומט אַן) זייט אַזוי גוט און לויפט שנעל אַריבער צו דאָקטער מאָריסאָן

און הייסט אים גלייך קומען. (סיידי צוקט מיט די אַקסלען, גייט אַפּ אין קיך).

מיסעס האָניק: דעם אמת געזאָגט — האַלט איך ווינציק פון אייער דאָקטער מאָריסאָן. מיין מיינונג איז, אַז שוין רופן אַ דאָקטער דאַרף מען רופן אַ גרויסן דאָקטער, אַ ספּעציאַליסט. אָט זעט איר — דאָקטער קאַפּטשיק, ער איז שוין איין מאָל אַ דאָקטער. אמת, ער רעכנט טאַקע 25 דאָלער ווען מען רופט אים צו זיך אין הויז, אָבער ער איז שוין איין מאָל אַ דאָקטער. איר האָט געדאַרפט זען, מיסעס קאַר, וואָס פאַר אַ רייכן אָפּיס ער האָט. היינט פּאַציענטן! — גאַנצע דריי שטונדן אָפּגעזעסן, ביז איך האָב מיך דערוואַרט אַף אַ נעקסט. איר הערט, 10 דאָלער האָט ער מיר נערעכנט ווען איך בין בא אים גע־ווען דעם ערשטן מאָל... מער ווי 3 מינוט האַלט ער ניט קיין קינד. איין קוק, און ער ווייס שוין אַלץ. אַליין רעדט ער קיין וואָרט ניט אויס. די נוירס דערלאַנגט אייך אַלץ אַף אַ געדרוקטן פּאַפּיר. (סיידי גייט אַפּ אַנגעטאָן אין אַ מאַנטל).

מיסעס קאַר: זעט איר, איך האַלט גראָדע פון דאָקטער מאָ־ריסאָן. ערשטנס וואוינט ער דאָ ניט ווייט און דערצו איז ער ניט קיין סאָקער און איז אַ צוגעלאָזטער מענטש, — מ'קאָן זיך מיט אים אויסריידן אַביסל. מען זאָגט אַז אייער דאָקטער קאַפּטשיק איז דאָך אַן אמת'ער גזלן. ער טרייבט די ווייבער איינפּאַך פון הויז....

מיסעס האָניק: ער איז טאַקע אַ נערוועזער מענטש, און אַז מען פרעגט אים עפּעס שרייט ער. אָבער אַלע גרויסע פּראָפעסאָרן זיינען אַזוי... איר האָט שוין, מיסעס קאַר, געלייענט דאָקטער קאַפּטשיקס בוך וועגן דעם געזונט-צושטאַנד פון די שטאָטישע קינדער?

מיסעס קאַר: וואָס שרייבט ער דאָרט?

מיסעס האָניק: ער שרייבט, אַז די שטאָט איז אַ רעגעלע „פּעסט״ פאַר די קינדער, אַז די לופט איז אָנגעפילט מיט מיליאָנען מיקראָבן און באַצילן, און אַז די מילך און דאָס וואַסער זיינען פול מיט דזשווירמס.

מיסעס קאַר: (נעמט איינעם פון אירע ביכלעך) אָט אין דעם ביכל שטייט טאַקע, אַז אין יעדן טראָפּן וואַסער געפינט זיך דריי





מיליאָן באַצילן, און יעדער עמער לופט אַנטהאַלט טויזנטער „טי-בי״ און דיפטעריע מיקראָבן.

מיסעס האָניק: איר הערט, דאָקטער קאַפּטשיק אין זיין בוך שרייבט, אַז אין פאַרלויף פון 12 שטונדן ווערט פון איין מיקראָב 4096 מיקראָבן, און אין פאַרלויף פון 24 שטונדן ווערט פון איין מיקראָב אַריבער 16 מיליאָן מיקראָבן.

מיסעס קאַר: 16 מיליאָן מיקראָבן ווערט פון איין מיקראָב אין איין טאָג!?... וויי! אונדזערע לעבנס זיינען שטענדיק אין גע־פאַר!... (סיידי קומט אַן) נו, ער קומט?

סיידי: ער האָט געזאָגט אַז ער קומט גלייך. (סיידי גייט אַפּ אין קיך. פּלוצים, דאָס קינד אין צווייטן צימער וויינט זיך פאַנאַנדער. מיסעס קאַר לויפט אַוועק געשווינט, קומט באַלד צוריק אַ דערשראָקענע).

מיסעס קאַר: ער איז אָפּגעגאָסן מיט שוויים... אינגאַנצן אַ נאַסער און אָטעמט שווער... קומט, מיסעס האָניק, טוט אים אַ טאַפּ ביים קעפּל. איך בין זיכער אַז ער האָט היץ (זיי גייען אַפּ, סיידי קומט אַן, שאָקלט מיטן קאָפּ, רעדט צו זיך: „אַ באַנדע משוגעים... עס פעלט זיי קאַפּוויייטיק — זוכן זיי זיך אַליין צרות...״ די מאַדאַמען קומען אַריין).

מיסעס האָניק: איך דענק אויך אַז ער האָט היץ.

מיסעס קאַר: וויי איז מיר! — וואָס טוט מען?

מיסעס האָניק: מען דאַרף אים גלייך נעמען די טעמפּעראַ־טור. רייבט אים גוט איין מיט אַלקאָהאָל און לייגט אים צו עטלעכע מאָסטאַרד-פּלאַסטערס. פאַרגעסט נ׳ט, אַז די שטאָט איז יעצט פול מיט דיפטעריע און ניומאָניע!...

מיסעס קאַר: סיידי, מאַכט צו אַלע פענצטער.

סיידי: עס איז פאַרשפּאָרט צו פאַרמאַכן — איך האָב זיי נאָך היינט ניט געעפנט.

מיסעס קאַר: גייט וואַשט ווידער גוט אָפּ אייערע הענט מיט הייס וואַסער און לייסאָל, און ברענגט מיר דעם טערמאָמעטער.

סיידי: גוט, איך וועל מאַכן אַ כשר'ע דעזיפעקץ. (זי גייט אַפּ).

מיסעס קאַר: נאָר זי דזשאָקט. מ'קאָן גאָר פון איר ניט אַרי־בערטראָגן.

מיסעס האָניק: מען קאָן פון די דינסטן ניט אויסהאַלטן.

מיסעס קאר: אוי, מיין קינד איז שוין ווידער קראַנק!... וואָס טוט מען? אוואו איז דער דאָקטער?

מיסעס האָניק: זיי איילן זיך ניט. מענטשן קאָנען אויסגיין ביז זיי קומען. (סיידי קומט אַריין. איר האַנט איז אַרומגעוויקלט מיט אַ ווייסן האַנטעכל, פון וועלכן עס שטעקט אַרויס אַ טערמאָמענטער).

סיידי: געוואַשן די הענט צוויי מאָל מיט הייס וואַסער און לייסאָל. איר זאָלט מיר, באַלעבאָסטע, נאָך דעם ניט זאָגן, אַז איך פאַר'סם אייך אייער קינד. (עס הערט זיך, ווי דאָס קינד וויינט ווידער. מיסעס קאַר כאַפּט אַ ווייסע טיכל און וויקלט אַרום האַנט. זי נעמט דעם טערמאָמעטער, טרייסלט עס נערוועז, ניט וויסנדיק גוט וואָס זי טוט. זי גייט שנעל צום קינד).

סיידי: אַ רחמנות אַף דאָס קינד. אַ וואויל אינגעלע. רק זיי שטופּן אים דעם טערמאָמעטער, מיט די ענעמאַס, מיט די ביטערע פּראָשקעס.

מיסעס האָניק: אַ קרענק דאַרף מען פאַרהיטן אין צייט... (מיסעס קאַר לויפט אַריין אַ דערשראָקענע, קוקט אַפן טערמאָמעטער, פאַנגט אָן צו שרייען היסטעריש) פינצטער איז מיר!... ווי איז מיר!... (זי קוקט ווידער) הונדערט און פינף גראַד מיט אַ פערטל! (ברעכט זיך די הענט) מיין קינד איז פאַרביי!...

מיסעס האָניק: גייט, איך גלויב אייך ניט. ער האָט טאַקע אַ וואַרעם קעפּל, אָבער...

מיסעס קאר: נאָט זעט אַליין (זי גיט איר דעם טערמאָמעטער, מיסעס האָניק קוקט, בלייבט שטיין פאַרוואונדערט).

מיסעס האָניק: טאַקע, הונדערט און פינף. מ'דאַרף שנעלע הילף.

מיסעס קאר: ווי איז מיר — מיין קינד גייט מיר אונטער!... געוואַלד ראַטעוועט מיר מיין קינד!... וואו איז דער דאָקטער? ניט גוט איז מיר! העלפט מיר!... מיסעס האָניק, סיידי!... ראַטעוועט מיר מיין קינד! איך וועל עס ניט אַריבערטראָגן!... אוי ניט קוט איז מיר!.. ראַטעוועט!.. (זי פאַלט אין חלשות. מיסעס האָניק און סיידי לייגן





זי אַפן סאָפע. סיידי לויפט נאָך קאַלטע וואַסער. מיסעס האָניק כאַפּט אַ פלעשעלע, גיט איר צו שמעקן. סיידי שפּריצט אַף איר מיט קאַלט וואַסער. מיסעס קאַר עפנט אויף די אויגן) וואָס מאַכט מיין קינד? אוי, אוי...

מיסעס האָניק: באַרואיקט זיך, מיסעס קאר, אייער קינד וועט, מיט גאָטס הילף, געזונט ווערן.

(מען קלינגט. סיידי לויפט עפענען די טיר און קומט צוריק מיט דאָקטער מאַרַיסאָן. דער דאָקטער איז איינפאַך געקליידעט, באָרד און וואָנצן געראַזירט, טראָגט אַ קליינעם רענצל אין האַנט. ער וואַרפט פון זיך אַראָפּ אַף שנעל זיין מאַנטל און גייט צו צו מיסעס קאַר).

דאָקטער: וואָס איז דאָ באַ אייך ווידער געשען?

מיסעס האָניק: אַ נערוועזער צוזאַמענברוך.

מיסעס קאר: (ערשעפּט) דאָקטער, ראַטעוועט!... שיקט נאָך אַ „ספּעשעליסט“!... העלפט!...

דאָקטער: (צומישט) ווער איז דאָ קראַנק?

סיידי: (ווייזט אָן אַף דער באַלעבאָסטע) די מיסעס איז קראַנק.

מיסעס האָניק: דאָס קינד איז שטאַרק קראַנק.

מיסעס קאר: דאָקטער, ראַטעוועט מיר מיין קינד!... ער האָט איבער 105 גראַד היץ. רופט אַ „ספּעשעליסט“! זשאַלעוועט ניט קיין געלט!... ראַטעוועט מיר מיין קינד!...

דאָקטער: אייער קינד האָב איך ערשט נעכטן געזען, און ער איז געווען געזונט.

מיסעס קאר: אוי, ער איז געפערלעך קראַנק! ער האָט 105 גראַד מיט אַ פערטל. אַט פרעגט די פרוי. (זי ווייזט אָן אַף מיסעס האָניק) טוט עפּעס! ראַטעוועט אים!

דאָקטער: באַרואיקט זיך, מיסעס קאר... איך פאַרזיכער אייך, אַז אייער קינד איז ניט קראַנק, נאָר קראַנק זייט איר... (ער גייט אַפּ צום קינד, סיידי גייט אים נאָך).

מיסעס קאר: (וויינט) מיין קינד גייט מיר אונטער און מען טוט גאָרנישט.

מיסעס האָניק: באַרואיקט אייערע נערוון, מיסעס קאר. איר

זייט דאָך ניט קיין קינד. דער דאָקטער וועט טאָן אַלעס, וואָס מ'באַדאַרף!

מיסעס קאַר: זאָל ער רופן אַ לונגען-ספּעשעליסט. רופט אַ פּראָפעסאָר. ראַטעוועט מיר מיין קינד!... (דער דאָקטער און סיידי קומען אַריין. סיידי שמייכלט) זאָגט מיר דעם אמת, דאָקטער! — איך בין אַ מאַמע, איך דאַרף עס וויסן...

דאָקטער: (צו סיידי'ן) גייט, זייט אַזוי גוט, און עפנט די פענצטער און נעמט פון אים אַראָפּ אַ האַלבן טוץ קאָלדרעס.

מיסעס קאַר: וואָס? ס'איז שוין צו שפּעט? איר קאָנט אים ניט ראַטעווען? זאָגט מיר וואָס איז אים? — סקאַלעט, דיפטעריע, טייפאָיד, ניומאָניע?...

דאָקטער: (לאַכט זיך פונאַנדער) אייער קינד איז פּאָלקאָם געזונט, ער האָט נאָרמאַלע טעמפּעראַטור. נאָר קראַנק זייט איר. איר האָט אַ חלאת וואָס איך וואָלט עס אָנגערופן „מאַיקראָמאַניע“. וואו איר שטייט און גייט, זעט איר אַרום זיך נאָר קראַנקהייטן. איר האָט שטענדיק מורא אַז דורכן פענצטער זאָלן צו אייך אַריינפליען אַ מיקראָב אָדער אַ באַציל... און ווייסט איר, מיסעס קאַר, פון וואַנען די קראַנקהייט קומט צו אייך? — פון ניט האָבן קיין דאגת-פּרנסה און פון האָבן צופיל צייט... איר נעמט ניט קיין אַנטייל אין לעבן. אַרום אייך רוישט מיט טעטיקייט: מענטשן קעמפן, מענטשן ליידן, מענטשן שטרעבן, און איר זיצט טאָג און נאַכט און טראַכט אפשר וועט איר און אייער בייבי אַמאָל קראַנק ווערן... מיר לעבן איצט אין אַ צייט פון איבערבוי. אַלטע געזעצן ווערן אָפּגעווישט, אַלטע געטער ווערן צעבראָכן און נייע באַגריפן און נייע סאָציאַלע פאָרמען דרינגען אַריין אין אונדזער לעבן, — און איר זייט פאַרנומען מיט אייער אייגענעם איך!... ..

מיסעס קאַר: וואָס זאָל איך טאָן, דאָקטער מאָריסאָן? העלפט מיר! גיט מיר אַן ערלעכע עצה,

דאָקטער: איך האָב שוין אייך געזאָגט עטלעכע מאָל, — וואַרפט אַרויס אָט די אַלע מעדיצינישע ביכלעך, וועלכע וואַרפן אויף אייך אַן אַ מרה-שחורה, באַהאַלט דעם טערמאָמעטער און נעמט זיך





שטודירן דאָס אמת'ע לעבן. נעמט אַנטייל אין קאַמף פאַר אַ בעסערער געזעלשאַפט, פאַר אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, וואו אַלעמען, אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע, זאָל זיך לעבן גליקלעך.

מיסעס קאַר: איך האָב דאָך אָבער פאָרט שוואַכע נערוון...

דאָקטער: נאַרישקייטן! עס איז ניט מער ווי אַן איינגערעדעניש... איר פאַרשטייט — פּשוט אַן איינגערעדעניש!...

סיידי: מיינע ווערטער — איינגערעדעניש. פּוסטע מוחות, האָבן ניט וואָס צו טאָן — ריידן זיי זיך איין אַ קרענק...

פ אָ ר ה אַ נ ג   פ אַ ל ט

1928

# לאַנדסלייט

[ קאמעדיע ]

אַנטיילנעמער:

1 פרידע מירמעלשטיין, 20 יאָר אַלט
2 שרה העניע, איר מוטער
3 זעלדע, איר באָבע
4 בענצע נח שפּיטאַלניק, 22 יאָר אַלט
5 אברהם פּיוועל
6 נאַטאַן פוקסמאַן

צייט — האַרבסט, פאַרנאַכט. פּלאַץ — ניו יאָרק.

אַ געוויינלעך אַרים עס־צימער. רעכטס — אַן אַלט־מאָדישער בופעט, אַף וועלכן עס שטייט אַ קופּערנע מנורה, צוויי לייכטער. אַפּן וואַנט אַ שפּיגל. אין ווינקל שטייט אַ היימיש סאַמאָוואַר אַף אַ דרייעקיקן הילצערנעם טישל. לינקס — אַ טיר, וועלכע פירט צו די איבעריקע חדרים, אַן אַלטע סאָפע. אין הינ־טערגרונט — אַ קאָרידאָר, וועלכער פירט צום אַריינגאַנג, איין פענצטער און אַ ניי־מאַשין. אין מיטן צימער — אַ רונדער טיש, בענקלאַך. אַף די ווענט בילדער: דר. הערצל, שלום־עליכם, פאַמיליען פאָטאָגראַפיעס. אין צימער איז האַלב טונקל. עס פאַלט אַריין אַביסל ליכט דורכן פענצטער. שרה העניע, אין אַ פאַרטוך מיט פאַרקאַטשערטע אַרבל, קערט די הויז מיט אַ בעזים. זעלדע זיצט לעבן פענצטער אַף אַ פאָטער־שטול, זי האַלט אירע פיס אָנגעשפּאַרט אַף אַ קליין בענקעלע און צירעוועט אַ זאָק איבער אַ גלאָז. זי איז געקליידט אין שוואַרצן, טראָגט אַ גלאַטן שייטל, אַף וועלכן עס איז אַרומגעבונדן אַ ווייסע זיידענע געבלומטע טיכל, אַפּן שפּיץ נאָז אַ פּאָר ברילן.

זעלדע: איך בין שוין בײַ דיר צוגאַסט באַלד אַ וואָך און איך האָב דיין פריידעלען נאָך ניט אָנגעקוקט.

שרה העניע: זי זיצט דען אין שטוב, די שטיפּערקע! — אָפּ-





געגעסן, לויפט זי באַלד אַוועק... היינטיקע קינדער האַלטן נאָר אין איין אַרומלויפן.

זעלדע: אַמאָל זיינען קינדער אַרומגעהאַנגען לעבן דער מאַמעס פאַרטוך, — היינטיקע צייטן איז עס אַנדערש.

שרה העניע: צוריקגערעדט, פאַרוואָס זאָל זי זיצן אין הויז? אַ גאַנצן טאָג חושכט מען ערגעץ אָפּ אין אַן אָפיס און מ׳באַראַבאַניעט מיט די פינגער איבערן טייפּרייטער, קומט אין אָוונט — ווילט זיך אַרויסגיין אַביסל... (קליינע פּויזע).

זעלדע: נו, און וואָס הערט זיך עפּעס מיט אַ חתן?

שרה העניע: עס דרייען זיך אַרום איר גאָר וואַזשנע בחורים, אָבער צו קיין תכלית קומט עס ניט.

זעלדע: איבריקס, טאָכטער מיינע, שטאַרק זאָרגן זיך דאַרפסטו ניט, — זי איז אָן עין הרע אַ שיין און קלוג מיידל.

שרה העניע: אָבער די יאָרן, מאַמע, שטייען ניט. אַ מיידל דאַרף מען חתונה מאַכן וואָס פריער. (זי דערמאָנט זיך עפּעס, בלייבט שטיין). דו הערסט, מאַמע, אונדזער נייער בוטשער פרעגט אַלעמאָל זיך נאָך אַף אונדזער פריידעלען. קענטיק זי איז אים שטאַרק גע-פעלן. ער איז אַ גאַנץ וואויליער יונגערמאַן. ערשט עטלעכע חדשים אין לאַנד און ער האָט שוין אָפּגעשפּאָרט בײַ ניין הונדערט טאַלער. איך האָב איר איינמאָל אָנגעמוט אים, — האָט זי זיך אויסגעלאַכט. כדאי, זאָגט זי, חתונה האָבן און ווערן אַ בוטשערקע און פאַרקויפן לעבערלעך און פּופּיקס צו אַלע יענטעס.

זעלדע: זעסטו, אַמאָליקע יאָרן איז שוין אַנדערש געווען. מיך האָט מען דען אָנגעפרעגט? איך האָב דאָך דעם טאַטן דיינעם, עליו-השלום, זאָל ער דאָרטן זיין אַ גוטער בעטער פאַר אונדז, ביז דער חתונה אפילו ניט אָנגעקוקט, און דאָך האָבן מיר אָפּגעלעבט בשלום גאַנצע פערציק יאָר. הלוואי אויף היינטיקע ניט ערגער.

שרה העניע: אַמעריקאַנער מיידלעך פאַרלאָזן זיך ניט אַף די מבינות פון זייערע עלטערן. דערצו ווילן זיי חתנים מיט אַלע מעלות. און אַזעלכע איז שווער צו קריגן.

זעלדע: (זיפצט) ווער ווייסט, אפשר זיינען זיי גערעכט!...

(אין צימער איז דורך דער צייט געוואָרן טונקל. שרה העניע צינט אָן די גאַז).

**זעלדע:** אָט אַזוי איז בעסער, איך וועל קאָנען זען ווי צו צי-רעווען די זאַך.

(מען קלינגט. שרה העניע גייט עפענען די טיר, קומט צוריק מיט בענצע נח'ן. ער איז אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן מאַנטל, באַפּלעקט פון בלוט און באַדעקט מיט פעדערן. אויפן קאָפּ באַ איִם איז אָנגערוקט אַ גרויסע ווייכע היטל. אויפן זוים פון זיינע פּוכקע, רויטע באַקן שפּראָצט אַרויס אַ בלאָנד בערדל).

**שרה העניע:** אַז מ'וואָלט דערמאָנט משיח'ן, וואָלט ער אויך געקומען!... טאַקע ערשט גערעדט פון אייך. מאַמע, אָט דאָס איז אונדזער נייער בושטער. זעצט זיך, מיסטער. (בענצע נח זעצט זיך שעמעוודיק אויף אַ ברעג בענקל) נו, וואָס דערציילט איר עפּעס?

**בענצע נח:** געקומען פרעגן אויף אַן אָרדער. אפשר דאַרפט איר אַ גוט חלק פליישׁ פאַר מאָרגן?... ערשט דערהאַלטן פרישינקע רינדן, קאַלבס פלייש, אַ טייער שטיקל שפּאַנדרע.

**שרה העניע:** ברענגט מאָרגן צוויי פונט פרישע קאַלבס פלייש. פאַרגעסט ניט צולייגן אַ פּאָר קנאָכן-ביינער און אַביסל פעטס.

**בענצע נח:** אייך, מיסעס מירמעלשטיין, גיב איך אַלעמאָל פון דאָס בעסטע.

**זעלדע:** (באַטראַכטנדיק בענצע נח'ן פון איבער די ברילן) ווי רופט מען דיך, יונגערמאַן?

**בענצע נח:** וועמען מיינט איר, מיך?

**זעלדע:** יאָ, דיך טאַקע מיין איך.

**בענצע נח:** מען רופט מיך בענצע נח שפּיטאָלניק.

**שרה העניע:** זייער אַ מאָדנע פאַמיליע. איך פאַרגעס עס אַלעמאָל.

**זעלדע:** פון וואַנען קומט עס אַ איד?

**בענצע נח:** פון ראַסיי... פון מינסקער גובערניע. מיין שטעטל הייסט קאַראַפּוזאַווקע. (שרה העניע אָפּ).

**זעלדע:** ביסטו, בענצע נח, אין דערהיים אויך געווען אַ בושטער?





**בענצע נח:** ניין, אין דערהיים, אין קאַראַפּוזאָווקע, בין איך געווען אַ קצב. איך וואַקס פון אַ משפחה פון סאַמע קצבים. נאָר מיין זיידע אַלעשאָלעם איז געווען אַ באַוואוסטער פערד הענדלער, אַ גרוי-סער קענער אויף פערד געווען.

**זעלדע:** אַזוי גאָר! — דיין זיידע איז געווען אַ גרויסער מבין אויף פערד?

**בענצע נח:** אַהאָ, נאָך אַלץ הייסט אַ מבין. איר הערט, אין אַ מאַרק-טאָג, אַז ער פלעגט דערזען אַ ניי פערדל באַ אַ פּויער, פלעגט ער עס באַלד צעכריאַשטשען דאָס מויל. פאַררייסן די ראָזע צונג אויף אַ זייט. אַריינקוקן אין די ציין און פונקט טרעפן די יאָרן. אַהאָ, שוין איינמאָל אַ מבין געווען אויף פערד!...

**זעלדע:** פלעגט ער ליב האָבן דעם ביטערן טראָפּן אויך?

**בענצע נח:** איר מיינט אַביסל בראַנפן?... גאָט באַהיט... וואָס רעדט איר, מיין זיידע אַ שיכור!... נאָר אַמאָל נאָך אַ געלונגענעם יאַריד פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין אַ שענק, נעמען אַליין אַ קאַפּעטשקע און אַלעמען טראַקטירן. נו, און שמחת תורה פלעגט ער זיך טאַקע אָני-שיכור'ן, אָבער דאָס איז דאָך אַ מִצוה... מיין זיידע איז געווען אַ וואוילער איד. ניט קיין גרויסער לערנער, אָבער אַ גוט ברודער געווען, אַן אָפענע האַנט געהאַט, געטאָן מענטשן טובות.

**זעלדע:** אין חדר, בענצע נח, ביסטו געגאַנגען? קאָנסט עפּעס לערנען, שרייבן?

**בענצע נח:** אודאי געגאַנגען, — ביז עלף יאָר אין חדר געגאַנגען. געלערנט דאַוונען, אַ שטיקל חומש, אַביסל שרייבן אויך...

(שרה העניע קומט אָן).

**זעלדע:** דו הערסט, שרה העניע, דער מאַן וואַקסט דאָך גאָר פון גרויס יחוס.

**שרה העניע:** זעסטו, דאָס איז ניט דער עיקר. איר דערציילט בעסער, בענצע נח, ווי גייט עס אייך אין די בושטער ביזנעס?

**בענצע נח:** ביזנעס איז, אַ דאַנק גאָט, ניט צו פאַרזינדיקן. דער עולם עסט, אַן עין הרע, גאַנץ נישקשה... איר פאַרשטייט, לייזונג איז דאָ און עקספּענצעס זיינען קליינע, קומט מען צו אַ טאָלער. עסן

און אַ געלעגער קאָסט מיך ניט... איך האָב נאָר די ערשטע צייט גע-האַט אביסל צרות פון פּאַליצמאַן. ער פלעגט מיך ניט לאָזן שלאָפן אין בוטשער שאַפּ. איר'ט געהערט, אַזאַ רשע אַן ערל, האָט מיר ניט פאַרגונען דעם וואוילטאָג. איך צאָל דירה געלט — אַרט אים וואָס איך שלאָף אין מיין שאַפּ. מיינער איז אָבער אויך ניט קיין בעמעלע נאַר, האָב איך אים איינמאָל אַריינגעשטופּט אַ האַלבע טשיקן אָף שבת, איז ער געוואָרן בלינד און האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן ריידן צו מיר אידיש. איצט שלאָף איך מיר ווי אַ גראָף לעבן אייז-באָקס...

(עס קומט אַן פרידע פון גאַס, זי איז נעט געקליידט, אין אַ העט).

ש ר ה  ה ע נ י ע: פריידעלע, דאָס איז מיסטער שפּיטאַלטשיק, דער נייער בוטשער. זייט באַקאַנט!

ב ע נ צ ע  נ ח: (שטעלט זיך אויף, ווערט רויט, שטרעקט אויס די האַנט): מיין נאָמען איז בענצע נח שפּיטאַלניק.

ש ר ה  ה ע נ י ע: יאָ, שפּיטאַלניק. — אַלעמאָל פאַרגעס איך... אי אַ קאָפּ באַ מיר!

פ ר י ד ע: (קוקט אים אָן, שמייכלט) עס פרייט מיך...

ש ר ה  ה ע נ י ע: דו ווייסט, טאָכטער מיינע, אָט דער מיסטער שפּיטאַלניק איז אַ גרויסער פאַרדינער. אַלע ווייבער פון דער נאָכ-באַרשאַפט לויפן נאָר צום גרינעם בוטשער נאָך פלייש. ער פאַרדינט שטיקער געלט.

פ ר י ד ע: וואָס האָט עס, מאַמע, צו טאָן מיט מיר?

(שרה הַעניע ווייס ניט וואָס צו ענטפערן. פרידע טוט אויס איר הוט, קוקט אַריין אין שפּיגל, שטיפעריש פאַריכט זי אירע שיינע לאָקן און גייט אָפּ זינגענדיק אין די אַנדערע צימערן. בענצע נח קוקט איר נאָך פאַרגאַפט).

ש ר ה  ה ע נ י ע: נו, וואָס זייט איר, בענצע נח, געבליבן שטיין? זיצט. (בענצע נח זעצט זיך) איר וועט אפשר טרינקען אַ גלאָז טיי?

ב ע נ צ ע  נ ח: אַ דאַנק. — איך דאַרף גיין צושליסן דעם בוטשער שאַפּ.

ש ר ה  ה ע נ י ע: (מיט פאַרוואורף) איר ווייסט, בענצע נח, איר לעבט שוין אביסל צו קאַרג. אין אַמעריקע דאַרף מען זיין היינט-





וועלטיש... איך האָב שוין אייך עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז איר זאָלט קויפן נייע קליידער. פּוצט זיך אויס... און מען קויפט טאַקע אַמאָל אַ פּאָר בילעטן אין טעאַטער. נישקשה, געלט מאַכט איר גענוג, ווערט נאָר אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, וועט מיין פריידעלע מיט אייך אויסגיין.

ב ע נ צ ע  נ ח: איך האָב שוין געקויפט נייע מלבושים. נאָך ניט פאַנאַנדערגענומען אפילו... איר זייט גערעכט, מיסעס מירמעלשטיין, איך וועל אייך טאַקע פאָלגן. — ווי איר זעט מיך אַ אידן, איך גיי ווערן אַן אַמעריקאַנער „ספּאָרט". נו, איך גיי שוין. איר'ט זען — איך וועל אייך אַלץ פאָלגן. איך גיי גלייך קויפן די בילעטן. אַ גוטע נאַכט.

ש ר ה  ה ע נ י ע: אַ גוטע נאַכט! — קומט אָפּט. (בענצע נח אָפּ געאיילט).

ז ע ל ד ע: איז דען אַ וואונדער, וואָס פריידעלע האָט ניט גע-וואָלט אָף אים אַ קוק טאָן? — ס'געזען אַ הילוכ'ל, אַן אויסזען! היינט אַ יחוס! שטאַמט אַזש פון סאַמע פערדהענדלער. וואָלט ער כאָטש געשוויגן, וואָלט זיך אַזוי פיל דער נאָר ניט אַרויסגעזען.

ש ר ה  ה ע נ י ע: אין אַמעריקע, מאַמע, קוקט מען ניט אָף יחוס. דערהויפּט שפּילט דאָ די ראָלע, צי דער בחור קאָן מאַכן אַ לעבן. און בוטשערעס, זאָג איך דיר, מאַכן דאָ גאָלד.

ז ע ל ד ע: אָבער ער איז דאָך אַ פּרא-אדם, אַ שוטה! — אויך מיר אַ מאַנספּאַרשוין פאַר פריידעלען.

ש ר ה  ה ע נ י ע: נו, און אונדזער נייטן איז געוועזן מער מענטש, ווען ער האָט אָנגעהויבן אויסגיין מיט מיין קלאַרען? — קיין צוויי ניט געקאָנט ציילן. היינט, ברוך השם, האָט ער אַן אייגענע פאַרב-קראָם, צוויי הייזקעס אין די יאַנקערעס און איז געוואָרן אַ גאַנצער יאַטעבע-דאַם.

ז ע ל ד ע: נאַרעלע, אַז מען האָט שוין אַ פאַרב-קראָם און צוויי הייזקעס, מיינסטו ווערט מען אַ גרויסער מענטש? — מען קאָן האָבן אפילו אַ טענעמענט הויז און בלייבן אַ בהמה בצורת פערד.

(מען קלינגט. שרה העניע גייט עפענען די טיר, קומט צוריק מיט אברהם פּיוועלען).

אברהם פּיוועל: (ברייטלעך און געלאַסן) א גוטן אָוונט אויף אייך, באָבע זעלדע! (זעלדע באַטראַכט אים פון איבער די ברילן) נו, און וואו איז דאָס אייער מאַן?

שרהע העניע: אוועק אין דער יוניע, עפּעס צו א מיטינג... מאַמע, דו דערקענסט אים ניט? דאָס איז דאָך א לאַנדסמאַן. דאָס איז דאָך אברהם פּיוועל חיים לייבע מאָשקע דעם בעדערס זון.

זעלדע: (באַטראַכט אים ווידער) אָט דאָס איז אברעמטשע חיים לייבע מאָשקע דעם בעדערס זון? אף נאמנות, איך וואָלט אים ניט דערקענט... א גאַנצענער שרה געוואָרן אין אַמעריקע.

אברהם פּיוועל: (שטעלט אַנידער זיין שטאָק אין א ווינקל פון צימער, נעמט א בענקל, זעצט זיך ברייטלעך, גלעט זיך באַם בערדל, רעדט מיט מתיקות) זאָלט איר מיר געזונט זיין, מיינע ליבע לאַנדסלייט, איך הייס ניט מער אברהם פּיוועל חיים לייבע מאָשקעס זון. אין אַמעריקע האָט מען ליב קורצע נעמען. דאָס הייס איך רעווערענד אייבערעהעם קאַזלאָווסקי. (ער שפּילעט פּאַנאַנדער זיין שוואַרצן סורטוק, נעמט אַרויס פון הייזן־קעשענע א זילבערנעם פּאַרטסיגאר און פּאַררויכערט א סיגאַרעט מיט גרויס הנאה. עס זעט זיך אַרויס פון וועסט־קעשענע א פּעט־גאָלדן קייטל).

שרה העניע: (איבעראַשט) גאָר אזוי! א רעווערענד?... איך האָב געהערט, אז איר זייט א גאַנצער מאַכער אין אונדזער לאַנדסלייט סאָסייעטי, אָבער, אז איר זייט א רעווערענד געוואָרן דאָס הער איך ערשט.

אברהם פּיוועל: (אַ צופרידענער) יאָ, איך בין רעווערענד, מסדר קדושין, מוהל און אז עס מאַכט זיך א זייטיקס פּאַרדינסטל וואַרפט מען אויך ניט אַוועק.

זעלדע: (קוקט נאָך אַלץ אָף אים און שאָקלט מיטן קאָפּ) אזוי גאָר! אזש א רעווערענד געוואָרן!... אברעמטשע, האָסט זיך גאַנץ פיין אַרויפגעאַרבעט, — פון א באָדיונג אף א רב. א גאַנץ פיינער מהלך.





(פרידע, באַם טיר, אומבאַמערקט, הערט אונטער דעם געשפּרעך).

אברהם פּיוועל: פאַרשטייט איר מיך, באָבע זעלדע, וואָס אין דער היים איז געווען איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן, גלייך ווי אין וואַסער אַריין. דאָ אין אַמעריקע ווערן מיר ניי־געבאָרן. נו, און עסערס, ברוך השם, האָב איך דאָך געגוג, און א לעבן דאַרף מען מאַכן. דערווייל האָב איך אויסגעפונען, אז כלי־קודש'עריי איז דאָ א וואויל געשעפט, האָב איך מיך א נעם געטאָן צום אַלטן חומש און תנ״ך און, ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך אויסגעלערנט די גאַנצע תורה על רגל אחת און איך בין געוואָרן רעווערענד אייברעהעם קאַזלאָווסקי.

זעלדע: ווי זאָגט מען דאָ בא נ'אייך? — האָרי אָפּ, אַרויף און אַראָפּ, איבערגעקוקט דעם חומש און שוין א שפּאָגל נייער רב. נו, אַמעריטשקע!

אברהם פּיוועל: איך זע איר וואונדערט זיך נאָך אַלץ, באָ־בע זעלדע. אָט אַלעמאַי איז זאַלמענקע דעם קורנאָסעס בענאָק אין דערהיים געווען א פּשוט'ער גנב, און דאָ איז ער א גבאי אין א שול?... איך זאָג אייך, ס'איז א טייער לאַנד אַמעריקע! — יעדער איינער קאָן זיך דאָ אַרויפאַרבעטן. מען דאַרף נאָר האָבן „נאָירוו“ און פאַרשטיין אָן עסק.

זעלדע: נו, געוויס א טייער לאַנד. וואָס דאַרף מען נאָך בעסער, אז פון א גנב ווערט מען דאָ א גבאי, פון א בעדער — א רב...

שרה העניע: (שלאָגט זיי איבער) וואָס טויג אייך דאָס טיילן זיך אין יחוס? אין אַמעריקע זיינען אַלע גלייכע מיוחסים!... וועט איר אפשר, אברהם פּיוועל, טרינקען א גלאָז טיי?

אברהם פּיוועל: ניין, איך דאַנק אייך. (ער קוקט אָף זיין גאָלדענעם זייגער) איך קאָן דאָ אף לאַנג ניט פאַרבלייבן, ווייל אין דרויסן וואַרט אף מיר א מאַשין מיט א שויפער.

שרה העניע: אויב מענטשן וואַרטן אף אייך אין דרויסן, היינט צוליב וואָס זיינט איר אַרויפגעקומען?

אברהם פּיוועל: איך בין געקומען צו נ'אייך וועגן זייער א גרויסן און וויכטיקן ענין.

(עס קומט אַריין פרידע).

שרה העניע: זייט באַקאַנט! — מיין טאָכטער פרידע... אַ לאַנדסמאַן, אברהם פּיוועל.

אברהם פּיוועל: (שטייט אויף רירעוודיק, גיט איר די האַנט מעשה קאַוואַליער) רעווערענד אייבערהעם קאָזלאָווסקי, זייער אנגענעם, פריילין פרידא מירמעלשטיין, מיט אייך זיך צו באַקאַנען.

(פרידע ענטפערט אים קאַלט אַף זיין באַגריסונג, זעצט זיך באַם טיש, שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ און פאָלגט נאָך דעם געשפּרעך).

זעלדע: (בייז) דאַכט זיך, כלומרשט אַ רב אין אַמעריקע און פּראָוועט נאָך אַלץ די בעדערשע שטיק!

שרה העניע: נו, דערציילט זשע שוין, אברהם פּיוועל, וועגן דעם גרויסן וויכטיקן ענין?

אברהם פּיוועל: אַלזאָ, איך וועל צוטרעטן גלייך צו דער זאַך. איך האָב ניט ליב פיל צו מאריך זיין. איר פאַרשטייט, אַמעריקע איז אַ פּראַקטיש לאַנד — ווייניקער גערעדט און מער געטאָן. און אויסער דעם וואַרט אַף מיר אין דרויסן אַן אַכט טויזנט דאָלאַרדיקער אָטאָמאָביל מיט אַ שוואַרצן שויפער.

פרידע: מיסטער רעווערענד, דערציילט זשע שוין וועגן דעם גרויסן ענין?

זעלדע: וואָס פאַרשטייסטו ניט, נאַרעלע, — ער אַליין איז אין אַמעריקע געוואָרן אַ רב, וויל ער דיך מסתמא מאַכן פאַר אַ רביצן.

אברהם פּיוועל: ראשית, וויל איך איר זאָלט וויסן, אַז איך בין, חלילה, ניט געקומען צו טרייבן קאַטאָוועס. והשנית, וויל איך איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַ מענטש אַ פּאַרנומענער, צייט איז באַ מיר געלט. און אויסער דעם וואַרט מען באַלד אַף אַן ענטפער.

שרה העניע: (פאַלט אין אַריין אין די רייד) וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, הויב איך נאָך אַלץ ניט אָן צו פאַרשטיין.

אברהם פּיוועל: וואַרט זשע אַ ווײַלע, מיסעס מירמעל-שטיין, שלאָגט ניט איבער... דאָס איז אַן ענין קאָטאָרי, וועלכער וועט אייך, און אייער מאַן און אייער גאַנצע פאַמיליע גליקלעך מאַכן!

פרידע: (מיט אַ ווידערגעפיל) ס'מוז זיין אַ וואויל געשעפט.





זעלדע: אַמעריקאַנער גליקן.

שרה העניע: (דערצאָרנט) אברהם פּיוועל, איך בין אַן איינ-פאַכע אידענע, — מיט מיר דאַרף מען רעדן פשוט'ע דיבורים!

אברהם פּיוועל: עך, זאָלט איר מיר געזונט זיין, מיסעס מירמעלשטיין! איך בין צו נ'אייך געקומען מיט אַזאַ וויכטיקן פאָר-שלאַג. — מען וויל אייך און אייער מאַן גליקלעך מאַכן, און אייער טאָכטער וויל מען אָנטאָן אין גאָלד און בריליאַנטן פון קאָפּ ביז די פיס, און איר בייזערט זיך גאָר!

פרידע: די מעשה ווערט אינטערעסאַנט. רעדט, מיסטער רעווערענד.

אברהם פּיוועל: ווי איך זע, מיסעס מירמעלשטיין, זייט איר נאָך אַלץ בייז. נו, וועל איך עס מאַכן קורץ און גוט. אַ געוויסער מיליאָנער, אַן אמת'ער ראָטשילד, אַזעלכער וואָס באַלאַנגט צו די סאַמע פיר הונדערט, אַ מאַן אַ שררה, אַ מאַגנאַט... בקצור אַ געוויסער מיליאָנער האָט זיך פרליבט אין אייער טאָכטער פרידא, און צוליב איר זכות, וועט ער אייך אַלעמען גליקלעך מאַכן.

פרידע: (מיט געמאַכטן פרייד) אַי, ווי גוט! דערציילט ווייטער, מיסטער רעווערענד! איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז ס'זיינען דאָ אַזעלכע טייערע מענטשן אַף דער וועלט.

זעלדע: (צו אברהם פּיוועלען) מסתמא איז דער מאַן אַזאַ מי-ליאָנטשיק, ווי דו ביסט אַ רב.

אברהם פּיוועל: אַי, זאָלט איר מיר געזונט זיין, באָבע זעלדע! אַז איך זאָג אייך אַ מיליאָנטשיק, מסתמא ווייס איך וואָס איך רעד. איך בין זיכער, אַז איר קענט אים אַלע, און גאַנץ ניו יאָרק קען אים.

שרה העניע: (פאַרוואונדערט) אָבער ווי איז זיין נאָמען? און ווי קומט אַ מיליאָנער צו מיין טאָכטער? און ווער איז ער?

אברהם פּיוועל: (מיט ווירדע) דאָס איז דער באַרימטער מיליאָנער נאַטאַן פוקסמאַן, דער גרעסטער ליידיס-וויסט מאַנופעקטשו-רער אין ניו יאָרק.

פרידע: (מיט געמאַכטע פרייד) אַך, ווי גוט! אום גאָטעס

ווילן, פאַרוואָס האָט איר אונדז די שמחה מיט אמאָל ניט אָנגעזאָגט, איר שלעכטער מענטש, וואָס איר זיינט?!... הערט נאָר, מענטשן! דער מיליאָנער פוקסמאַן, איז פאַרליבט אין אַן אָרימער מיידל, אין אַ קלאָוקמאַכערס אַ טאָכטער!... אָך, וואָס פאַר אַ גליק!

אברהם פייוועל: נאָך אַלץ הייסט אַ גליק. עפּעס אַ קלייניקייט צו טאָן אַ שידוך מיט נאַטאַן פוקסמאַן! — די גאַנצע שטאָדט וועט דאָך אייך מקנא זיין.

שרה העניע: (צו פרידען) דאָס מיינט ער דעם אַלטן פוקסמאַן, בא וועמען דו האָסט געאַרבעט אַלס בוכקיפּערקע?

פרידע: יאָ, יאָ, דערזעלבער נאַטאַן פוקסמאַן. דו ווייסט גאָרניט, מאַמע? בא אים איז דאָך די ווייב געשטאָרבן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, נו איז ער איצט אַ בחור צום האַבן... וואָס, ס'געפעלט דיר אפשר דער שידוך ניט?

שרה העניע: אַלע בייזע חלומות צו מיינע שונאים'ס קעפּ! אַ גליק האָט אונדז געטראָפן! — ער מעג דאָך זיין דיין זיידע. ער האָט דאָך שוין אויסגעגעבענע קינדער... (צו זעלדע'ן) דו ווייסט, מאַמע, וועמען אברעמטשע חיים לייבע מאַשקע דעם בעדערס זון רעדט איר אַ שידוך? דו דאַרפסט אים נאָך געדענקען, — ער איז דאָך פון אונזערע כיימעטשער, ער איז יאַנקעלע לאַטוטניקס אַ זון. די לאַנדסלייט דערציילן, אַז ער האָט עפּעס אַמאָל געהאַט צו טאָן מיט דעם גלח'ס טאָכטער און נאָכדעם איז ער אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון שטעטל.

זעלדע: דו מיינסט אודאי נוסקע כלבוניק, יאַנקעלע דעם שיכורים בענאָקס? אַ שאלה צי איך געדענק אים! ניט איינמאָל האָט ער געגנב'עט הינער פון אונטער די הענט בא מיין טאַטן דעם שוחט... שוין איינמאָל אַ יונג געוועזן. די גאַנצע שטעטל האָט פאַר אים מורא געהאַט.

פרידע: באָבע, אַ גנב איז היינטיקע צייטן גאָר ניט קיין שאַנדע. פאַרקערט, וואָס מער גנב אַלץ רייכער ווערט מען, און וואָס רייכער מען איז, אַלץ אַ שענערער מענטש איז מען. ווי זאָגט איר, מיסטער רעווערענד, — מען דאַרף נאָר האָבן „נוירוו" און פאַרשטיין אַן עסק.

אברהם פייוועל: וואָס טויג אייך, אידענעס וואָס איר





זייט, אויסרעכענען יענעמס יחוס!... יענער איז אַ מיליאָנטשיק, פאַרמאָגט פערציק טענעמענט הייזער, צוויי קליידער פאַבריקן, און איר רעדט פון יחוס!... יענער וואוינט אין די הויכע פענצטער אַף ריווערסייד דרייוו, קאָמפּאַנירט זיך מיט דער סאַמע סמעטענע פון שטאָט — מיט באַנקירן, לאָיערס און רעווערענדס, און איר רעדט וועגן יחוס!... איר שפּילט זיך עפּעס מיט נאַטאַן פוקסמאַן. איר דאַרפט אים נאָר אָנקוקן — אַ רעגעלער שררה, אַ גראַף, אַן עכטער דייטש. ער רעדט דאָך בלויז דייטש...

זעלדע: נו, אַ וועלט געוואָרן! נוסקע כלבוניק, יאַנקעלע דעם שיכורים בענאָק, איז געוואָרן אַ מיליאָנטשיק אין אַמעריקע און רעדט בלויז טייטש!

שרה העניע: מילא, וועגן דעם, וואָס איר זאָגט ער איז רייך, ווייס איך; אָבער ווי קומט צו אַזאַ מענטשן דייטש! — איך גלויב ניט צי ער קאָן אפילו עברי.

פרידע: יאָ, מאַמע, מיסטער פוקסמאַן רעדט נאָר דייטש.

אברהם פייוועל: אָך, זאָלט איר מיר געזונט זיין. מאַדאַם מירמעלשטיין! נאַטאַן פוקסמאַן האָט מיר אַליין דערציילט, איך זאָג אייך אויף מיינע נאמנות, אַז איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, איז ער געוועזן אין בערלין צוויי יאָר אונטער-קעלנער און צוויי יאָר אבער-קעלנער.

שרה העניע: וואָס איז אַזוינס אונטערקערער און אבערקערער?

זעלדע: ווייס איך וואָס, — מסתמא, אַ שמייסער אין אַ באָד געוועזן.

אברהם פייוועל: אָך, וואָס רעדט איר! דאָס איז אַזאַ מין סאָרט סטודענט אין אַן אוניווערזיטעט. (פרידע שמייכעלט) איר הערט, ער האָט אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער. עפּעס אַ קלייניגקייט זיינע געשעפטן! היינט שרייבט ער ענגליש, ווי אַן עכטער יענקי. איך האָב אַליין געזען ווי ער שרייבט אונטער טשעקס... הכלל, איך זאָג אייך, אַז אַזאַ שידוך איז פאַר אייך אַ גליק, אַן אמת'ע שמאַלץ-גרוב.

זעלדע: עס מאַכט זיך אָפּט, אַז די שמאַלץ רינט אויס און די גרוב בלייבט.

פרידע: זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיסטער רעווערענד, איז דאָס אַלץ אמת, וואָס איר דערציילט דאָ האָט זיך טאַקע דער מיליאָנער פוקסמאַן אין מיר פאַרליבט?

אברהם פייוועל: נאָך אַלץ הייסט פאַרליבט! יענער האָט מיך געשיקט רופן אַ וואָך נאָך קבורה, האָב איך אים קוים איינגערעדט, אַז ער זאָל כאָטש אָפּוואַרטן ביז נאָך שלשים, און איר פרעגט צי ער איז פאַרליבט... ער זאָגט, ער האָט אייך ליב געקראָגן, זייט איר האָט באַ אים געאַרבעט אַלס בוכקיפּערקע... (ער קוקט אפן זייגער, פרידע שמייכלט) בקיצור, וואָס איז אייער ענטפער, געערטע מיסעס מירמעל-שטיין? — זאָל איך אים גיין ברענגען?

שרה העניע: ניין, אברהם פייוועל, ברענגט אים ניט. זי איז אַ יונג קינד און ער איז אַ איד אַ זקן. אָט, זעט איהר, אויב איר ווייסט עפּעס פון אַ יונגען בחור, דאָס מיט פאַרגעניגן.

זעלדע: גערעכט, טאָכטער מיינע, רייכקייט איז נאָך ניט אַלץ... אַי, אַ זינדיקע וועלט געוואָרן!... (שאָקלט מיטן קאָפּ).

אברהם פייוועל: וואָס זשע איר ווילט נאָך ניט? אַזאַ מיליאָנטשיק, אַ מאַן וואָס באַלאַנגט צו די סאַמע פיר הונדערט, און איר ווילט נאָך נים?! אַ דאגה, מיינט איר, האָב איך מיט אים מיט אַ שידוך! עס איז דאָ גענוג מוידן, וועלכע לויפן אים נאָך. ער קאָן אפילו קריגן אַן עכטע ינגעקי. באשר ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און וויל נאָר אייער טאָכטער, דאַרפט איר זיך נאָך ברעקלען. אַי, זאָלט איר מיר געזונט זיין, — ער וועט דאָך אייך אַלעמען גליקלעך מאַכן! ער וועט דאָך אייער רב טוביה'ן אריינגעמען צו זיך אין די געשעפטן! אַזאַ גליק, אַזאַ הצלחה אַף אַלע מיינע פריינט געזאָגט געוואָרן!... אַלזאָ, איך מוז אים שוין ברענגען אַן ענטפער.

שרה העניע: ווייסט איר וואָס, אברהם פייוועל, איך וועל מיך באַראַטן מיט מיין מאַן און איך וועל אייך געבן מאָרגן אַן ענטפער.

אברהם פייוועל: זאָלט איר מיר געזונט זיין, מיסעס מיר-מעלשטיין, יענער וואַרט אַף אַן ענטפער, און איר זאָגט מאָרגן. דערצו





גייען מיר דאָך נאָך ניט היינט שרייבן קיין תנאים. זאָלן זיי זיך דורכ-שמועסן... בקיצור, וואָס איז אייער ענטפער?

(שרה העניע אין פאַרלעגנהייט, שווייגט).

פרידע: מיסטער רעווערענד, גייט ברענגט אים. זאָל ער קומען.

(שרה העניע און זעלדע פאַרוואונדערט).

אברהם פייוועל: אַזאַ יאָר אַף מיר, ווי אייער טאָכטער פאַרשטייט בעסער אַן עסק פון אייך! אָט דאָס איז גאָר אַנדערע דבורים. איך לויף שוין אים ברענגען. ער איז דאָ ניט ווייט אין קאַפּע „מאַנאַפּאַל“. הערט זיך איין, מענטשן! ער וועט אייך אַלעמען גליק-לעך מאַכן. ער וועט אייך מאַכן פאַר גבירים אדירים... זייט מיר גע-זונט און שטאַרק. איך קום באַלד צוריק. אויף ווידערזען! (אָפּ גע-איילט, מיט שמחה).

פרידע: (לאַכט זיך שטאַרק פאַנאַנדער) זעסטו, מאַמע, אַז גאָט העלפט דאַרף מען ניט גיין זוכן קיין חתנים אין בוטשער שאַפּ.

שרה העניע: איך פאַרשטיי דיך היינט ניט, פריידעלע, ביס-טו משוגע צי חסר דעה געוואָרן? — דאַכט מיר, ווען דו האָסט פאַר אים געאַרבעט, האָסטו אים גאָרניט געגליכן. פאַרקערט, פלעגסט מיך אָנדערציילן אזוי פיל מיאוסע זאַכן פון אים. עפּעס האָט ער דאָך שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט זיינע מאַדעלס פון שאַפּ. איינע זאָגט מען, איז אפילו דורך אים געשטאָרבן. היינט איבערהויפּט, וואָס טויג דיר אַ זקן? ער איז דאָך אודאי אין איינע יאָרן מיט דיין באָבען. ניט אזוי, מאַמע?

זעלדע: וואַרט נאָר אַ ווײַלע. שאַ, איך געדענק... באַלד נאָך דער ערשטער שרפה איז נוסקע כלבוניק געוואָרן בר-מצוה. איך בין דאַן אַלט געווען צען יאָר. ראש חודש תמוז איז מיר געוואָרן זעכציק. — ער מוז שוין זיין גוטע דריי-און-זעכציק.

שרה העניע: דו הערסט? — ער איז שוין דריי-און-זעכציק יאָר אַלט. ער פּאַסט צו זיין דיין זיידע. וואָסי, קאַרג יונגע בחורים אַף דער וועלט? פאָלג מיך, טאָכטער מיינס, און נעם זיך דיין גלייכן. האָב בעסער חתונה מיט דעם גרינעם בוטשער. ער וועט פאַר דיר מאַכן אַ שיין לעבן און ער וועט דיך אַף די הענט ארומטראָגן. ער חלש'ט

דאָך נאָך דיינע טריט. אי, טאָמער קען ער נאָך ניט די אַמעריקאַנער שטיק, — וועט ער זיך אויסלערנען די תורה.

ז ע ל ד ע: עפּעס אַ קליינינקייט פון וואָס פאַר אַ יחוס נוסקע שטאַמט!... זיין טאַטע איז געווען אַ שיכור און אַ מסור; **זיין מאַמע,** זאָל זי מיר מוחל זיין, איז געווען אַ מעקלערקע פון דינסט-מיידלעך, אויך ניט קיין גרויסע צדקניות; זיין זיידע איז געווען אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, האָט אפילו ניט געקאָנט מאַכן די ברכה בא דער תורה... אַ יחוס, זאָג איך אייך, פון באָד ביזן הקדש. הערסטו, קינד מיינס, די מאַמע דיינע איז נערעכט, — בעסער מיט דיין גלייכן אַ שטיקל טרוקן ברויט, איידער מיט אַן אַלטן הולטאַי אין קאַרעטן!...

פ ר י ד ע: (שטיפעריש) הערסטו, מאַמע, ווען איך האָב חתונה מיט נאַטאַן פוקסמאַן, וועלן מיר דאָס לעבן אַ גוטן טאָג! — איך וועל מיר באַשטעלן די בעסטע קליידער און די שענסטע העטס. איך וועל מיך באַהענגען פון קאָפּ ביז די פיס אין דימאַנטן, און אַז עס וועט קומען אַן אָרימער קרוב, וועל איך אַראָפּנעמען אַ דימענט פון אַ פינגער און אים אַוועקגעבן. דיר, מאַמע, וועל איך אויפנייען די בעסטע קליידער: און אייך, באַבעניו, וועל איך אויספוצן אין עסיק און אין האָניק, און מיר וועלן זיך אַלע אַריינזעצן אין דעם אַכט-טויזנט-דאָלאַר-דיקן אָטאָמאָביל און איך וועל הייסן דעם שוואַרצן „שאָפער“ אונדז צו פירן אין אַלע גאַסן, וואו לאַנדסלייט וואוינען... (פון שמחה פאַנגט זי אָן צו זינגען און טאַנצן).

ש ר ה ה ע נ י ע: (צו זעלדען) אַ שמחה אַף איר געוואָרן! אָט האָסטו די אַמעריקאַנער קינדער! פאַר געלט וואָלטן זיי זיך אפילו געשמדט... פע, פרײדעלע, שעמען מעגסטו דיך! — אַף אַזוינס האָב איך זיך פון דיר ניט גערעכט.

ז ע ל ד ע: מילא, אַף דעם אַלטן כלבוניק, אַף אים האָב איך קיין פאַריבל ניט, אָבער דו? — פע, ניט שיין!... אבי די מאַמע דיינע, דער-ציילט מיר אַלץ, אַז דו ביסט אַ וואויל קינד, אַ געבילדעט קינד, און מיטאַמאָל... פוי, חלשות!...

פ ר י ד ע: שאַט, וואָס האָט איר זיך אַזוי צעשריען? — איך האָב דאָך נאָך מאָרגן מיט אים ניט חתונה! איך האָב אים נאָר געהייסן





קומען. לאָמיר אים אָנקוקן דעם חתן-בחור... איך האָב געמעגט גאַנצע דריי יאָר, טאָג איין טאָג אויס, גיין צו אים אין אָפיס, מעג ער איין מאָל קומען צו מיר. זאָל ער אויך פאַרזוכן דעם טעם, ווי צו וואוינען אין האוסטן סטריט אַפן פינפטן פלאָר.

ש ר ה ה ע נ י ע: איך הויב דיך ניט אָן צו פאַרשטיין... (מען קלינגט) אָן אָוונט הייגט! — מען האַלט אין איין קלינגען.

(פרידע לויפט אַוועק אין די צימערן. שרה העניע גייט עפענען די טיר. בענצע נח און שרה העניע קומען אַריין. בענצע נח טראָגט אַ נייעם, ברייטן, געקעסטלטן אויבערמאַנטל, פון וועלכן עס זיינען נאָך ניט אַרונטערגעריסן די „לייבלס“, און אַ נייעם האַרטן הוט).

ז ע ל ד ע: הא, ברוך הבא!

ב ע נ צ ע נ ח: (מיט אַ נאַריש געלעכטערל) איך בין שוין ווידער דאָ.

ש ר ה ה ע נ י ע: אַזוי פרי האָט איר שוין צוגעשלאָסן דעם בוטשער שאַפּ?

ב ע נ צ ע נ ח: נישקשה, מיינע באַלעבאָסטעס וועלן פון מיר ניט אַנטלויפן!... (פאַרשעמט) מען קאָן דאָך דעם גאַנצן לעבן ניט פאַרברענגען אין בוטשער שאַפּ? — מען דאַרף דאָך אַמאָל זען עפּעס וועגן אַ תכלית.

ש ר ה ה ע נ י ע: אָט אַזוי, אַז איר האָט זיך אויסגעפּוצט, קוקט איר גאָר אויס לייטישער!

ב ע נ צ ע נ ח: איך האָב אייך, מיסעס מירמעלשטיין, געפאָלגט, איר האָט מיר געהייסן קויפן נייע מלבושים — האָב איך געקויפט. און בילעטן אויך געבראַכט. — צוויי גוטע בילעטן פאַר אַ טאָלער און אַ האַלבם... קען איך רעדן צו אייער טאָכטער?

ש ר ה ה ע נ י ע: (באַם טיר) פריידעלע, קום אַריין!

(פרידע קומט אָן, ווייזט אויס זי האָט זיך געהאַלטן אין פּוצן. זי באַטראַכט בענצע נח'ס נייע קליידער, באַמערקט די לייבלס, האַלט זיך קוים איין פון געלעכטער).

ב ע נ צ ע נ ח: (שעמעוודיק און נערוועז) איר וועט מיר מוחל זיין,

מיסעס מירמעלשטיין, וואָס איך בין אייך מטריח... איך האָב געוואָלט אייך עפּעס בעטן. איך האָב געוואָלט גיין מיט אייך זאַלבענאַנד... איך האָב געקויפט צוויי גוטע בילעטן פאַר אַ טאָלער און אַ האַלבס...

פרידע: וואָס האָט איר געקויפט, מיסטער שפּיטציק?

בענצע נח: צוויי בילעטן אין טעאַטער.

פרידע: איר מיינט אודאי טיקעטס? פאַר ווען?

בענצע נח: יאָ, טיקעטס מיין איך, פאַר היינט אָוונט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען שפּילט אַ גוטע „שאָ“, בריינדעלע קאָזאַק, הייסט עס. איך האָב באַצאָלט אַ טאָלער און אַ האַלבס פאַר צוויי...

פרידע: איך בין היינט פאַרנומען, — איך האָב היינט אַ פּי-קאַנטן „דייט“ און אויך פרייע פּעסעס צו אַ קאָנצערט.

בענצע נח: וואָס האָט איר, מיסעס מירמעלשטיין, אַ קאָפּ-ווייטיק?

פרידע: (האַלט זיך קוים איין פון געלעכטער) ניין, איך האָב אַן אַפּוינטמענט און פּעסעס צו אַ ריציטל, איר פאַרשטייט?

בענצע נח: יאָ, איך פאַרשטיי. די קראַנקהייט קומט פון מאָגן מסתמא... פאָלגט מיך, מיסעס מירמעלשטיין, איך בין אייך אַ גוטער פריינט, נעמט בעסער ביטער זאַלץ, דאָס העלפט שנעלער פון ריצן-אויל. אַלע מיינע באַלעבאָסטעס הײם איך נעמען די רפואה. דאָס העלפט און קאָסט ביליק... הייסט עס, היינט קאָנט איר ניט?

פרידע: ניין, איך קאָן ניט.

בענצע נח: אַ שאָד, צוויי גוטע בילעטן וועלן פאַרלאָרן גיין. (פרידע אָפּ. עס הערט זיך ווי זי לאַכט אין צווייטן צימער) אפשר וועט איר גיין, מיסעס מירמעלשטיין?

שרה העניע: איך דאַנק אייך, ניטאָ קיין צייט פאַר אַזעלכע זאַכן. ס'איז דאָ, ברוך השם, אַ גאַנצע הויז אַף מיינע פּלייצעס.

בענצע נח: נו, און ווי געפעלט אייך עפּעס מיין נייער פּאַל-טאָ? אייך טאַקע געפאָלגט. נייען און אַ האַלב טאָלער באַצאָלט. און די העמד איז אויך אַ נייע, און אַ ניי סוטל אויך. איר ווילט זען?

שרה העניע: אדרבה, לאָמיך עס אָנקוקן.





(ער טוט אויס דעם אויבערמאַנטל; ער בלייבט אין אַ משונה'דיקן, ברייטן אָנצוג, אַף וועלכן עס זיינען דאָ אַלע לייבלס).

בענצע נח: גאַנצע זיבן דאָלער באַצאָלט. איר הערט? — מען האָט זיך ניט געשעמט בעטן פינף און פופציק טאָלער, נאָר איך האָב זיך געדונגען...

שרה העניע: עס איז אַביסל צו גרויס אַף אייך. (זי באַמערקט די לייבלס) איר האָט געדאַרפט די טיקעטס אַראָפּרייסן איידער איר האָט עס אָנגעטאָן!... פאַרגעסט ניט, בענצע נח, אַז איר זייט אין אַמעריקע און ניט אין קאַראַפּוזאָווקע.

בענצע נח: אַ? וועלכע טיקעטס? וואָס פאַר אַ טיקעטס? די טיקעטס זיינען דאָך באַ מיר אין קעשענע. (ער שלעפּט אַרויס פון וועסט קעשענע צוויי טעאַטער בילעטן).

שרה העניע: ניין, די טיקעטס. (זי רייסט אַרונטער די לייבלס).

בענצע נח: איר פאַרשטייט? איך האָב געוואָלט, אַז לייט זאָלן וויסן, אַז איך האָב געקויפט נייע און ניט קיין געניצטע קליידער...

שרה העניע: אוי, די גרינע! — מען קען פון זיי ניט אַרי-בערטראָגן.

בענצע נח: נישקשה, איך וועל זיך נאָך אויסגרינען. נו, איך גיי שוין... אַ שאָד, צוויי גוטע בילעטן וועלן פאַרפאַלן גיין. מסתמא ניט באַשערט... פאָלגט מיך, מיסעס מירמעלשטיין, גיט איר ביטער זאַלץ, עס איז די בעסטע רפואה. אַ גוטע נאַכט.

שרה העניע: אַ גוט יאָר. (בענצע נח אָפּ).

זעלדע: נו, סטי'געזען אַ בריאה? — גייט אָנקוקן אַ כלה, פּוצט ער זיך אויס איינמאָל אין הינערשע פעדערן, און אַ צווייטן מאָל אין קוויטלעך. וואו וואַקסן עס אַזוינע פּראַים?... זי זאָגט, אַז זי האָט אַן „אַפּוינטמענט“ — הייסט ער איר נעמען ביטער זאַלץ, אַזאַ לעמעש-קע און וויל נאָך אַ חתן ווערן!

שרה העניע: ער געפעלט מיר אַלץ בעסער פון דעם אַלטן בעל-עבירה'ניק.

זעלדע: דיביידע חתנים טויגן אַף כפרות. דו פאָלג מיך בע-

סער און לאָז פריידעלען צו-רו. זי וועט זיך שוין קריגן איר גלייכן.

(מען קלינגט שטאַרק).

שרה העניע: דאָס מוז זיין פוקסמאַן. אַ נאַכט היינט! איינער נאָך דעם אַנדערן. וואָלט כאָטש מיין טוביה אין דערהיים געווען.

(זי רוימט עטוואָס צו. מען קלינגט ווידער. זי לויפט עפענען די טיר, קומט צוריק מיט אברהם פייוועלען און נאַטאַן פוקסמאַן. דער לעצטער איז קורץ און גראָב, מיט אַ גרויסער נאָז, אַף וועלכער עס ליגן איינגעגראָבן אַ פּאָר גאָלדענע פּענסנע. ער טראָגט אַ צילינדער הוט, שוואַרצן פראַק, אַ ווייס-זיידענע זשילעט. ווייסע האַנטשן און אַ שטאָק. פון זיין ריין געראַזירט פּנים שטעקן אַרויס לאַנגע פאַרשפּיצטע גרויע וואָנצעס און אַ פּאָר באַקן-באַרדן אַלאַ דייטש. פוקסמאַן טוט אויס זיין צילינדער. עס שיינט אַרויס אַ גלאַנציק-נאַקעטער קאָפּ, עס זעט זיך נאָר אַביסל האָר לעבן די אויערן. ער גיט זיין צילינדער און שטאָק צו אברהם פייוועלען, ציט אַרונטער די האַנטשן און קוקט זיך קריטיש אַרום).

אברהם פייוועל: נו, זייט באַקאַנט! — הערן מיליאָנער נאַטאַן פוקסמאַן און מאַדאַם סאַראַה האַניאַ מירמעלשטיין.

פוקסמאַן: (גייט צו, גיט די האַנט, בויגט זיך העפלעך) זייער אַנגענעם, מאַדאַם מירמעלשטיין, מיט איהנען בעקאַנטשאַפט צו שליסן!

(שרה העניע פאַרלירט זיך. שטעקט אויס אַ פּאָר פינגער, גיט זיך אומגעלומפּערט אַ שאָקל, זאָגט „גוד איוונינג“. פרידע קומט אַן).

אברהם פייוועל: נו, און פריילין פרידאַ מירמעלשטיין קענט איר דאָך פון לאַנג?

פוקסמאַן: (גייט צו, גיט איר די האַנט גאַלאַנט) יאָ, געוויס. וויר זינד שאָן אַלטע באַקאַנטע. אָבער עס פרויט מיך זייער איהנען ווידער צו טרעפן! (פרידע גיט די האַנט, זעצט זיך רואיק).

אברהם פייוועל: און דאָס איז די באָבע זעלדע! — איר מוטערס מוטער.

פוקסמאַן: זיי מיינען, פיליייכט, גראָס מוטער?

אברהם פייוועל: יאָ, יאָ, גראָסע מוטער.

(פוקסמאַן נייגט זיך העפלעך. זעלדע רירט זיך ניט פון אָרט, באַטראַכט אים ווי געווייַנטלעך, פון איבער די ברילן פון קאָפּ ביז די פיס. אברהם





פייוועל טראָגט אונטער פוקסמאַנ'ען אַ בענקל. פוקסמאַן באַטראַכט דעם בענקל, זעצט זיך פאָרזיכטיק, אָטעמט שווער, ווישט פון זיך דעם שווייס).

פוקסמאַן: איהנען האַבען זיך זאָ האָך פאַרקליבן, אַז נור אויפן פינפטן שטאָק!... (באַטראַכט קריטיש די אָרימע אומגעבונג) שוין צימליך לאַנג איך וואַר שוין נישט אין יודישן קוואַרטאַל, איך האָב שוין באַלד פאַרגעסן ווי עס זעט אויס.

זעלדע: אָט דאָס זאָל דאָס זיין נוסקע כלבוניק, יאַנקעלע לאַטוטניקס בענאָק? גאָרניט צו דערקענען... דאַכט מיר, אַ דאַרער בחורל געווען, מיט אַ פּאָר ברענענדיקע גנב'ישע אויגלעך, מיט אַ גרויסער קודלע האָר. (זיפצט) אַך, וואָס די צייט מאַכט!

(פרידע באַאָבאַכטעט אַלעם מיט אַן אינערלעכער צופרידנקייט).

שרה העניע: (מאַכט זיך קוראַזש) מיסטער פוקסמאַן, מיין מאַמע געדענקט אייך נאָך, ווען איר זייט געווען אַ קליינער אינגל. — מיר זיינען דאָך פון איין שטעטל... מיר זיינען דאָך געווען שכנים.

(פוקסמאַן מאַכט זיך, ווי ער פאַרשטייט ניט וואָס מען רעדט צו אים).

אברהם פייוועל: מאַדאַם מירמעלשטיין זאָגט איהנען זייענען שכנים געווען, איהנען מחותנים. משפּחה צו איהנען. פון איין שטאָט, לאַנדסלייט, פאַרשטעהען איהנען? — לאַנדסלייט.

פוקסמאַן: זאָ, לאַנדסלאַיטע? יאה, מעגליש. אָבער איך געדענק שוין מער גאָר ניכטס פון דאָס אַלטע היים. עס איז שוין פילע, פילע יאהרען פאַריבער, אַלס איך נאָך אַמעריקאַ געקאָמען. איך האָבע שוין אַלעס פאַרגעסען, אַלעס פאַרגעסען!

אברהם פייוועל: באָבע זעלדע, הער נאַטאַן פוקסמאַן פאַרשטייט ניט קיין יודיש. ער זאָגט, דאָס ער געדענקט גאָר נישט מער פון כיימעטש. ער האָט אַלעס פאַרגעסן.

זעלדע: אזוי! אַלעס פאַרגעסן! — כיימעטש פאַרגעסן, די לאַנדסלייט פאַרגעסן, אידיש רעדן פאַרגעסן... נו, און די מאַמע דיינע, נעכע-ביילעטשקע די מעקלערקע, געדענקסטו? און דיין טאַטן, יאַנקעלע דעם שיכור, געדענקסטו? און ווי דו פלעגסט גנב'ענען היינער בא מיין טאַטן, געדענקסטו? און דעם גלח'ס רויטע שיקסע, וועלכע דו האָסט פאַרפירט, געדענקסטו? (קרימט אים נאָך) אַלעס פאַרגעסן, אַלעס

פאַרגעסן. אפנים, אַז מען ווערט אַ מיליאָנטשיק פאַרלירט מען דעם זיכרון!

(פוקסמאַן אין פאַרלעגנקייט מאַכט אומצופרידענע גרימאַסן, ווישט זיך דעם שווייס פון שטערן).

**אברהם פייוועל:** איך גלויב, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען איר, הער נאָטאַן פוקסמאַן, רעדט זיך דורך אַליין, אויג אַף אויג, מיט פריילין מירמעלשטיין.

**פוקסמאַן:** יאָ, גוט... אַליין, גאַנץ אַליין. (אברהם פייוועל גייט צו צו זעלדען און שרה העניען און הייסט זיי גיין אין צווייטן צימער).

**זעלדע:** (גייט ניט ווילנדיק) אַ גרויל! — נוסקע כלבוניק האָט זיך צוגעטשעפעט אַ פּאָר באַקנבאַרדן און טרייבט פון זי אַ טייטש... אַזאַ אַלטער נואף!... אַזאַ הולטאַאישקע! (שרה העניע און זעלדע אָפּ. פוקסמאַן פילט זיך פרייער, נעמט אַרויס סיגאַרן).

**פוקסמאַן:** הער רעוועַרענד, וואָלן זיי אַ סיגאַר?

**אברהם פייוועל:** (נעמט איינס) דאַנקע, דאַנקע. (ער טראָגט אונטער פוקסמאַנ'ען פייער, ביידע פאַררויכערן). אייערע סיגאַרן, האָך געשעצטער הער נאָטאַן פוקסמאַן, זיינען אויסגעצייכענטע! מוזן זיין אימפּאָרטירטע.

(פויזע. פוקסמאַן וואַרפט אויגן אַף פרידען, קוקט זיך איבער מיט אברהם פייוולען).

**אברהם פייוועל:** (רייסט איבער דעם שטילשווייגן). איך האָב שוין מיט פריילין מירמעלשטיין גערעדט. — זי איז מסכים, צופרידן מיין איך, מיט איהנען אַ שידוך צו טאָן.

**פוקסמאַן:** (דערפרייט) גוט!... אויסגעצייכנט!... וואונדערבאַר!... (ער קוקט צום טיר, האָט מורא די ווייבער זאָלן אים ניט צעשטערן זיין גליק) אויב עס איז ווירקלעך זאָ, דאַן איסט עס גראָסאַרטיק!... דאָנער וועטער טאָוזענד מאָל! (צו פרידען) זאָל עס ווירקליך זיין די וואַרהייט, וואָס דער רעוועַרענד זאָגטע, פריילין מירמעלשטיין? (פרידע ענטפערט ניט).

**אברהם פייוועל:** אַז איך זאָג איהנען, אַז זי איז מסכים,





ווייס איך וואָס איך רעד... ווי איך בין איין יודע — איך האָב דאָס פון איר מויל אַליין געהערט.

**פוקסמאַן:** איך וועל איהנען, שענעס מעדכען, פון קאָפּ ביז די פיס איין גאָלד און דימאַנטן באַדעקן. איך וועל איהנען אַרומפירן אין די טייערסטע אָטאָמאָבילן. מיר וועלן צוזאַמען אַ לוסט-רייזע איבער דער וועלט מאַכן. מיר וועלן גיין צו קאָנצערטן, בעלער, אָפּערא...

**פרידע:** אַך, ווי גוט! אָט דאָס הייסט געלעבט!

**אברהם פייוועל:** איאָ, איך האָב אייך ניט גענאַרט? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז הער נאָטאַן פוקסמאַן איז אַן עשר, אַ גביר אַן אדיר, אַ רעגעלער מיליאָנטשיק. איר וועט זען — ער וועט אייך אַלעמען גליקלעך מאַכן!...

**פוקסמאַן:** (קוקט פרידען ציניש גלייך אין די אויגן). יאַ, יאַ, געלט האָב איך פיל. נו, און דאָס איבריקע קאָמט שוין, ניכט וואַר, ליבעס פריילין?

**אברהם פייוועל:** אַזוי שטייט בפרוש אין פסוק: כסף וזהב מטהר ממזרים. דאָס הייסט, ווער עס האָט די מאה, יענער האָט די דעה. ניכט וואַר?...

**פרידע:** (אַן אומצופרידענע האַלט זיך אין איר ראָל) אָבער ווייסט איר, מיסטער פוקסמאַן, אַז מיינע עלטערן זיינען אָרימע?

**פוקסמאַן:** יאַ, יאַ, — דאָס ווייס איך. איך וועל זיי אַלעמען באַהילפיג זיין. איך גיב זאָפאָרט צו איהנענס פאָטערן גאַנצע פינף הונדערט טאַלער, און ווען נויטיק זאָגאַר טויזענט טאַלער און לאָז ער זיך איינשאַפן אַ געשעפט זאָ ווי איין לאַנדרי, גראָסערי אָדער קענדי סטאָר — וואָס ער וויל נור אַליין... אָ, יאַה, געוויס, איך וועל זיי העלפן.

**אברהם פייוועל:** אהאָ, איר זעט שוין? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז ער וועט אייך אַלעמען גליקלעך מאַכן. עפּעס אַ קלייניקייט אַריינפאַלן צו נאָטאַן פוקסמאַן אין די הענט!

**פרידע:** דאָס פרייט מיך זייער. אָבער הער פוקסמאַן, האָט איר מיך ווירקלעך ליב?

**פוקסמאַן:** (מיט אַ פייערל אין די אויגן) וואַצו פראַגען זי עס?

נאָך אַלץ הייסט ליב! — איר זענט דאָך אַזאַ יונגעטשקע, רייצענדע פּרויענצימער.

פ ר י ד ע: (קאָקעטיש) אָבער מיסטער פוקסמאַן, וואָלט איר מיך אויך ליב געהאַט, ווען איר וואָלט געווען מיין פאָטער?

פ ו ק ס מ א ן: (אין פאַרלעגנהייט) נו, נאַטירליך. גאַנץ זיכער. ווי קאָן מען דען נישט ליבען אַזאַ שייניגקע, לוסטיגע טעכטערל?

פ ר י ד ע: אַנטשולדיקט מיר, בלויז נאָך איין פראַגע. וואָלט איר מיך, הער פוקסמאַן, אויך ליב געהאַט, ווען איר וואָלט געווען מיין זיידע?

פ ו ק ס מ א ן: (אומצופרידן) וואָצו די אַלע פראַגען, ליבעס פריי-לין? גאַנץ זיכער, ווען איך אַזאַ אייניקל האָבע טראָג איך עס אויף מיינע אָרימס טאָג זאָ נאַכט. (ער גייט צו צו פרידען, וויל זי גלעטן, זי רוקט זיך אָפּ).

פ ר י ד ע: אויב אַזוי איז גוט, עס איז אַ פּאַסענדער שידוך.

א ב ר ה ם פ י י ו ו ע ל: נו, געוויס אַ פּאַסענדער שידוך. איך האָב דאָס פאָרויס געזאָגט. שוין איין מאָל אַ שידוך, אַזאַ יאָר אַף מיר!

פ ר י ד ע: (הויך) באָבע זעלדע, מאַמע, קומט נאָר אַהער אריין!
(זיי קומען אַריין נייגעריקע) הער נאָטאָן פוקסמאַן וויל מיך ליב האָבן זאָגאַר אַלס אייניקל, דערפאַר שלאָג איך אים פאָר דאָס ער זאָל הייראַטן... ווייסט איר מיט וועמען? (פאַרוואונדערט קוקן זיך אַלע איבער, ענטפערן נישט) מיט מיין באָבע זעלדען. (אַלע בלייבן דערשטוינט).

פ ו ק ס מ א ן: (נערוועז) ביטע, מאַכן זי נישט קיין שפּאַס! איך בין אַן ערנסטער מענטש און איך ליבע נישט ווען מען טרייבט קאַ-טאָוועס...

א ב ר ה ם פ י י ו ו ע ל: איר זייט פשוט משוגע! פאַרגעסט ניט מיט וועמען איר האָט דאָ צו טאָן!... מיר זיינען נישט קיין אינגלעך.

פ ר י ד ע: איך מיין גאַנץ ערנסט, מיסטער פוקסמאַן, עס איז אַ פּאַסענדער שידוך פאַר אייך. מיין באָבע זעלדע איז פון יחוס — זי איז אַ שוחט׳ס אַ טאָכטער און זי איז נאָך מיט עטלעכע יאָר אינגער פון אייך...

א ב ר ה ם פ י י ו ו ע ל: וואָס איז דער מער מיט דיר? ביסט פון





זינען אַרונטער?! וואָס מיינסטו, ער איז עפּעס דיין גלייכן? פוי, חלשות! מען רופט צו זיך מענטשן און מען נעמט זיי אויסלאַכן.

פ ו ק ס מ א ן: (טוט אָן זיין צילינדער, נעמט זיין שטאָק. נערוועז און בלאַס) קאָמען זי, הער רעווערענד! זעהען זי, — מיט קבצנים און שנאָרערס דאַרף מען זיך נישט קאָמפּאַנירן!... קאָמען זי.

פ ר י ד ע: איר האָט מיך, מיסטער פוקסמאַן, געוואָלט אָפּקויפן מיט אייער שמוציק געלט? איר מיינט, אַז איך בין אייך די מאָדעל מיידלעך? גייט פון דאַנען, איר אַלטער אויסגעלאַסענער, שמוציקער הולטאַי און ווערגט זיך מיט אייער אַנגערויבטן גאָלד!...

פ ו ק ס מ א ן: אַי, וואָס פאַר אַ שפּראַך!... וואָס פיר שימף-ווערטער! — דאָס איסט אימער זאָ, ווען מען פאַנגט זיך אָן מיט רוסישע שנאָרערס.

א ב ר ה ם פ י י ו ו ע ל: פוי, אַ חרפּה, אַ שאַנדע! מען וויל זיי די שלעפּערס גליקלעך מאַכן, און זיי שעלטן זיך נאָך! פוי, ס׳אַרא גראָבע יונגען!

ש ר ה ה ע נ י ע: באַ מיר אין שטוב, דו באַדיונג, ווערסט מיך זידלען? אַרויס פון דאַנען הולטאַיעס, שאַרלאַטאַנעס!...

ז ע ל ד ע: (כאַפּט דעם בעזים און שרייט) אַרויס פון דאַנען גנבים, טריפּניאַקעס, שאַרלאַטאַנעס! אַרויס פון דאַנען, וואָס גיכער! — אַניט וועל איך אייך די ביינער צעברעכן!... (פרידע לאַכט. פוקסמאַן און אברהם פייוועל אָפּ).

פ אָ ר ה א נ ג פ א ל ט

1920

# אַ געפאַלענער

עס קומט אַריין אַ באַיאָרנטער, אָפּגעריסענער מאַן אין אַ שענקל. ער ווענדט זיך צום קעלנער:

באָן זשור, מאָסיע קעלנער! דזשין דאָברי! הא דו יו דו!... איך בין שוין ווידער דאָ. זייער געבענקט נאָך דיר... ניין, בעסער געזאָגט, ניט נאָך דיר, נאָר נאָך דיינע פלעשער בראָנפן... נו, ברענג אַהער, קעלנער, אַ פלאַש פון די גוטע, פון די אמת'ע. דו הערסט? — עפּעס שטאַרקס און גוטס, אַזוי אַז ס'זאָל אַ צופּטאָן און אַ ברענטאָן אין אַלע גלידער... נו, וואָס וואַרטסטו? פאַר וואָס רירסטו זיך ניט פון אָרט?... אַהאַ, איך ווייס! — דו וואַרטסט אַף דעם זילבערנעם שטיקל מינץ? אַף די לומפּיקע פּאָר גראָשן?... פאַראַן, ברודערקע, פאַראַן. — זעסט, קעלנער? אָט האָב איך עס... אַ וואונדערבאַרע קראַפט האָט דאָס שטיקל מעטאַל. האָסטו דאָס געלטעניו — גיט מען אַ שנאַפּס, האָסטו ניט — גיט מען אַ פייג אונטערן נאָז... אַ? — וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? מיינסט אודאי גע'גנב'עט, אָדער אויסגעבעטלט? ניט באַ מאָטיען. איך בין טאַקע אַ שיכור, אָבער ניט קיין שנאָרער. פאַרדין איך — פאַרטרינק איך עס, אָבער עס דאַרף זיין פון מיין אייגענער פּראַצע... ווילסט? — נעם און צעשנייד עס, וועסטו דערזען בלוט. — בלוט וועט רינען, בלוטיק געלט איז דאָס. אַ האַלבן טאָג פּאָדלאָגעס געוואַשן, מיטן האָלץ זיך די הענט צעשטאָכן, בלוט האָט גערונען. — און דערפאַר האָב איך זילבערנע מטבעות באַקומען. — בלוטיק געלט איז דאָס... קעלנער, שרעק זיך ניט, נאַ, נעם עס. איך דאַרף עס ניט. — נו, גיב זשע שנעלער אַ פלעשל, אָבער פון די שטאַרקע, פון די גוטע... (ער טרינקט) אַך ס'אַ מחיה! — וואַרימט פאַנאַנדער די קישקעס... אַ, וואָס זאָגסטו, קעלנער? איך זאָל מער ניט טרינקען. דו האָסט אַף מיר רחמנות?... אַי, נאַרעלע, ווען דו וואָלסט וויסן, ווי גוט מיר איז ווען איך ווער שיכור. — ווער איז דאַן מיין גלייכן?...





הערסט, ברודער? שיכור איך זיך אָן, פאַרגעס איך אָן אַלע מיינע צרות. איך פאַרגעס אַלץ און אַלעמען. איך ווער אַ פרייער מענטש. אויס שעמען זיך, אויס בושה. דו פאַרשטייסט? ווען איך בין שיכור האָב איך די גאַנצע וועלט אין דר'ערד. ס'קוקט מיר אויס, אַז די גאַנצע וועלט איז מיינע. די ערד, דער הימל, די זון און די לבנה — אַלץ ווערט מיינס, אַפילו די הימלקראַצערס ווערן אויך מיינע... נאַרעלע, וואָס מער איך טרינק, ווער איך אַלץ שטאַרקער און גרעסער. איך ווער אַ ריז, אַ גיגאַנט, אַ שימשון הגבור. און די אַרומיקע מענטשן קוקן מיר אויס אַזוי נישטיק קליין, מיט אַזעלכע דאַרע העלזלעך, כאָטש נעם און ווערג זיי אויס איינציקווייז — — (טרינקט און זינגט) — —

דו פאַרשטייסט, קעלנער, וואָס דאָ קומט פאָר? — אַ קליין הייפעלע פעטע פעמפּיקעס האָבן דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון דעם לאַנד פאַרכאַפּט פאַר זיך. און מיט דעם רויב האָבן זיי זיך איינגעשאַפט אַ פּאָליציי, אַן אַרמיי און אַ פלאָט. זיי האָבן זיך איינגעטיילט אין פּאַרטייען און אַ נאָמען געגעבן עס — דעמאָקראַטיע. מיט דעם שווינדל האַלטן זיי דעם עולם גולם געהאָרכזאַם, ווי געטרייע פערד. דאָס בירגערטום דענקט, אַז זיי זיינען פריי. — יע, זיי זיינען פרייע שטיוול־פּוצער ביים קאַפּיטאַל. זיי בוקן זיך, דערנידעריקערן זיך צו גאָלדענע אייזלען... פע! ווי העסלעך! עס עקלט מיר פון דער גאַנצער אידיאָטישער וואַקכאַנאַליע... אַ, וואָס? דו ווילסט וויסן פאַר וואָס איך גיי ניט אַרבעטן? — איך זאָל גיין שקלאַפן פאַר די פּיאַווקעס! ניין, ברודערקע, דאָס ניט. ניט דערלעבן וועלן זיי עס באַ מיר! אָ, ניין! — איך וועל מיך ניט פאַרקויפן פאַר אַ לומפּיקער מטבעה... דו הערסט, קעלנער? איך פייף אַף אייך אַלעמען! איך לאַך מיך אויס פון אייער שווינדלערישער דעמאָקראַטיע. איר לעבט דאָך אַ לעבן פון האַנדל, וואַנדל, קנאה, שנאה, שווינדל. איך אָבער לעב מיר פריי. איך בין אַ פריי פייגעלע. וויל איך, לייג איך זיך אין אַ פּאַרק אָפּן זון שלאָפן; וויל איך, לייג איך מיר שלאָפן אַף די רעלסן פון באַן און רופט מיך קנאַקניסל... מיינסט, אודאי, קעלנער, אַז איך האָב אַמאָל אייער שפּילולע ניט מיטגעמאַכט? אַהאַ, נאָך ווי אַזוי. איך בין אַמאָל אויך געווען אַ פערד ווי איר אַלע, געשלעפּט דעם וואָגן, אַז די אויגן זיינען

פון קאָפּ געקראָכן... געװען אױך אַ צײט אַז איך בין געװען דער בלוט-זײגער, דער אַנשמײסער — אַ פּאָרמאַן געװען — אױך אַ פּיאַװקע. אַ סך געלט פאַרמאָגט — און איך האָב עס פאַרלאָרן. פאַרשטײסט, — די גרױסע פּיאַװקעס שלינגען אײַן די קלײנטשינקע... װײַב און קינדער געהאַט און פאַרלאָרן, אַן אײגן װינקל געהאַט און פאַרלאָרן. אַלץ פאַרלאָרן. און דאָס ערגסטע: מײַן גלױבן אין מענטשן פאַרלאָרן. און װען דאָס גלױבן פאַרלאָרן — אַלץ פאַרלאָרן... דו פאַרשטײסט, קעלנער? די גאַנצע שפּילולע אײערע איז אַ מין לאָטערײ-צעטל. גילט דיר — ביסטו אַ חכם, אַ קנאַקער און טאָפּטשעסט אַף יענעם מיט די פיס. גילט דיר ניט — ליגסטו טיף אין דער אדמה און באַקסט בײגל. און רױבט אײנער אָן אַ קעשענע מיט גאָלדענע רענדלאַך, האַלט ער עס שטאַרק צו און שרײַט: „ס'איז מײַנס! ס'איז מײַן אײגנטום!“ און האַלט זיך נאָך גרױס צו אַלע צרות. פוי, אַ װעלט איז דאָס!... אַ, װאָס זאָגסטו, קעלנער? ס'װעט נאָך אַמאָל עקזיסטירן אַן ערלעכע געזעלשאַפט, ס'װעט נאָך זײַן אַמאָל אַ װעלט פון גלײַכהײט, ברידערלעכקײט און קאָאָפּעראַציע... כ'װײס? אפשר. — אָבער דאָס װעט שױן זײַן ניט אין מײַנע צײַטן און ניט אין דײַנע צײַטן. װײַל פאַר אַ נײַער גערעכטער אָרדענונג דאַרף מען האָבן אַ נײַעם מענטשן מיט אַ נײַער פּסיכאָלאָגיע... אַ, װאָס זאָגסטו, קעלנער? דער באָלשעװיזם װעט איבערבױען דעם מענטשן אי אינערלעך אי אױסערלעך און עס װעט נאָך זײַן אין אונדזערע צײַטן... מילא, איך װעל זיך מיט דיר דערפאַר ניט קריגן. באַ מיר האָסטו געפּועלט. נו, דערװײַל האָב מיר אַ גוטן, קעלנער. אַ רעװואַר, דאָסװידאַניע, גוד באַי (גײט אָפּ).

1922



# „װאַנדער-לעבן“

[ פינף דראַמאַטיזירטע עפּיזאָדן ]

אַ טרעמפּישער נעסט

אָן איבערפאַל

אין אַ קאַפע'

געלי

נײַ לעבן

# אַ טרעמפּישער נעסט

## אַנטיילנעמער:

1 ביג ביל
2 סטודענט
3 בלאָנדי
4 דזשאָני
5 סלים
6 שאָרטי
7 פּאָליסמאַן

צייט: באַלד נאָכן וועלט־קריג.

די האַנדלונג קומט פאָר אין אַ פאַרשטאָט פון איינעם פון די האַנדלס־צענטערן אין שטאַט קאָלאָראַדאָ. עס איז שבת נאָכמיטאָג אָנפאַנג פרילינג. עטלעכע באַוואַקסענע אָפּגעריסענע טרעמפּס שלאָפן אויפן גראָז אונטער דעם שאָטן פון אַ בוים. צוקאָפּנס, אָנשטאָט קישעלעך, האַלטן זיי זייערע צעריסענע שיך; זיי זיינען צוגעדעקט מיט אַלטע מאַנטלען און שמאַטעס; איינער פון זיי איז איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן גלח'שן מאַנטל. אַרום וואַלגערן זיך: צייטונגען, בלעכענע קאָנסערוון פּושקעלעך, אַ פּאָר ליידיקע פלאַשן, עטלעכע בולקע־לעך. אַ פייערל ברענט צווישן שטיינער און אויף דעם קאָכט זיך קאַפע. ביג ביל ליגט אויסגעצויגן אויפן גראָז און באַקוקט די בילדער פון די צייטונגען. ביג ביל איז אַ ברייט פּלייציקער, געוויקסיקער און באַוואַקסענער מאַן אין די פערציקער יאָרן, זיינע צעשויבערטע געדיכטע האָר זיינען שוין כמעט גרוי, דער קאָליר פון זיין פּנים איז ענלעך צו שוואַרצער פאַרטריקנטער ערד, באַ די ווינקלען פון מויל — טיפע קנייטשן, זיין פּלאַטשיקע, ברייטע נאָז איז רויטלעך און אָנגעשוואָלן, די אונטערשטע ליפּ איז צעשפּאָלטן; זיינע גרויע קלוגע אויגן זיינען באַדעקט מיט שוואַרצע דיקע ברעמען; זיין שטימע איז דורך זיין שטענדיקן גאַסן לעבן און לאַנג־יאָריקער שיכרות — אַ דומפּיק־באַסאָווע. ער טראָגט אַ שמוציק, שוואַרץ סאַטין העמדל אין וועלכער די אויבערשטע קנעפּלעך פעלן. עס זעט זיך אַרויס אַ האָריקע ברוסט און אויף די ניט האָריקע פּלעצער זעען זיך טאַטואירטע פאַרשידנפאַרביקע געמאָלאַכצן. די הויזן זיינען פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר און אין פילע פּלעצער פאַר־לאַטעס. זיינע שיך זיינען צעלעכערט און פאַרבונדן מיט שטריקלעך. זיין קעפּ און רעקל וואַלגערן זיך אויף דר'ערד. עס קומט אָן אַ סטודענט־וואַנדערער אין נעטע זעלנערישע קליידער מיט אַ ברייטן ברוינעם הוט, מיט אַ היפּש פּירקאַנטיק פּעקל אויף די פּלייצעס.





סטודענט: האַלאָ, פריינט! קאָן איך דאָ אַביסל אָפּרוען?

ביל: זעץ זיך צו אויב די ווילסט... אַ „האָיקער“?

סטודענט: יאָ, איך האָיק קיין דענוווער.

(ער נעמט אַראָפּ זיין פּאַק פון די פּלייצעס, טוט אויס די הוט, מאַכט זיך באַקוועם).

ביל: העי, באַדי, האָסט אפשר באַ זיך טאַבעקאָ?

סטודענט: יאָ, איך האָב (ער זוכט אין די קעשענעס, געפינט אַ פּעקל פּאַל־מאַל, וואַרפט עס. ביל כאַפּט עס אויף פלינק, צערייסט אַ פּאָר סיגאַרעטס און שטאָפּט אָן זיין קאָרן ליולקע, נעמט אַ קויל פון פייער און פאַררויכערט).

ביל: אַזאַ זיסער און מילדער טאַבאַק, — ווייבערשער... (דער סטודענט נעמט אַרויס פון זיין פּעקל וואורשט מיט ברויט, אַ „טערמאָס־בוטל“, מאַכט זיך גרייט צום עסן).

סטודענט: ווילסט עסן?

ביל: ניין, — איך האָב ערשט אָפּגעגעסן... זעסטו, אויב דו האָסט אַביסל „בוז“...

סטודענט: איך לאָז זיך קיין מאָל אין וועג ניט אַרויס אָן אַביסל שנאַפּס.

ביל: דאָס איז גוט. (דער סטודענט נעמט אַרויס אַ היפּש פלעשל מיט אַ גלעזל, גיט ביל'ן).

סטודענט: אָבער טרינק ניט אויס אין גאַנצן! — לאָז מיר אויך איבער (ביל גיסט אָן אַ גלעזל און טרינקט אויס און פאַרבייסט גלייך מיט אַ צווייטער) אַ יאָ גוטער שנאַפּס?

ביל: אַביסל צו זיס. גאַש, אָבער שטאַרקער! — גיט אַ גוטן ברען אין בויך.

סטודענט: גאַ פאַרבייס. (ער גיט ביל'ן אַ שטיק וואורשט, ביל נעמט און עסט). און קאַפע ווילסטו?

ביל: ערשט ניט לאַנג אויסגעטרונקען אַ גאַנצן טאָפּ. (דער סטו־דענט פּרובירט פאַרציען אַ געשפּרעך).

סטודענט: פון וואַנען קומסטו, פעלער?

ביל: איך קום פון דער גאַנצער וועלט... איך בין שוין געווען

איבעראַל. אין אַלע עקן פון דער וועלט געווען. שוין אודאי אַמאָל צוואַנציק געווען אין לאָנדאָן, אין ליווערפּול; געווען שוין אין פראַנק-רייך, איטאַליע, דייטשלאַנד, אפילו אין יאַפּאַן אויך שוין געווען.

סטודענט: קאַנטיק דו האָסט אַ סך דורכגעמאַכט...

ביל: יאָ, אַ סך געזען, אַ סך דורכגעמאַכט... טויזנטער פּאַסירונגען ביינגעוואוינט אין מיין טרעמפּישן לעבן, מיט פאַרשידענע אינטערעסאַנטע פּאַרשוינען זיך צוזאַמענגעטראָפן. צווישן זיי זיינען געווען פון פּראָפעסאָרן, סטודענטן און שרייבער — ביז כלערליי טרעמפּס, באָמס און רויבער... יאָ, אַ סך געזען און אַ סך דורכגעמאַכט... (דער סטודענט וויל אויך פאַררויכערן מיט אַ ברענענדער קויל, ער צוברענט זיך די פינגער. ביל לאַכט. דער סטודענט נעמט אַרויס אַ קליין באַגילט פּושקעלע, טוט עס אַ דריק, פונקען פייער באַווייזן זיך און ער פאַררויכערט).

סטודענט: וואו נעמסטו געלט אַף שיפסקאַרטן?

ביל: פאָרן אַף אַ שיף איז פאַר אונז טרעמפּס די לייכטסטע זאַך... איך פאָר מיט אָקסן שיפן. איך גיב אַכטונג אַף די שאָף — פאָר איך אומזיסט. קריג עסן און טאַבעקאַ און נאָך אַביסל געלט צוגעצאָלט.

סטודענט: ליבסטו דיין אַרט לעבן?

ביל: געוויס! — עס איז אַ פריי לעבן, אַ לעבן פול מיט געשעענישן און אַוואַנטיורעס...

סטודענט: דענקסטו ניט, ווען דו אַרבעטסט וואָלסטו געלעבט אַ סך בעסער און באַקוועמער?

ביל: ניטאָ קיין ציל אין דער אַרבעט. נאַראָנים אַרבעטן, — קלוגע מענטשן מאַכן בלויז יענעם צו אַרבעטן.

סטודענט: האָסטו דען אַמאָל געפּרובירט אַרבעטן?

ביל: און נאָך ווי אַזוי!... ווי נאַר דער טייוולשער הודאַק פלעגט אין פרימאָרגן אַ פייף טאָן, פלעג איך מיט אַלע איבריקע נאַראָנים אַוועקלויפן צו דער אַרבעט, אַזוי ווי אַ סטאַדע שעפּסן... איך האָב אין מיינע יונגע יאָרן געאַרבעט אַף די צוקער פּלאַנטאַציעס אין לואיזיאַנאַ, אין די פאַרפּעסטעטע שעכטהייזער פון טשיקאַגאָ, אין האַפן





באָם אָנלאָדן און אויסלאָדן שיפן, שניי געשאַרט, גריבער געגראָבן און מיין דאָליע איז ניט געווען אַ סך בעסער ווי יעצט...

סטודענט: ווי וועט די וועלט אָנגיין ווען יעדער איינער וועט זיך אָנטזאָגן צו אַרבעטן?

ביל: (דערצאָרנט שרייט) גאַדעמיט! צום טייוול מיט דער וועלטן... די וועלט זאָרגט עפּעס אַ סך פאַר מיר? — פאַר וואָס זאָל איך זאָרגן פאַר דער וועלט!...

סטודענט: אָבער ווען יעדער מענטש וועט זיך אַנטזאָגן צו אַרבעטן, ווער וועט בויען שטעט און דערפער? ווער וועט בויען באַנען, שיפן און עראָפּלאַנען? ווער וועט פּראָדוצירן מעבל, געווער, אָטאָמאָבילן און ריידיאָס?...

ביל: דו פאַרשטייסט, זיידענער יונגערמאַן, אָט די אַלע זאַכן האָב איך ניט און דאַרף זיי ניט...

(זיי שווייגן אַ ווײַלע).

שאַ, זאָג מיר, און דו אַליין אַרבעסט?

סטודענט: איך בין אַ סטודענט אינזשעניר...

ביל: דעמיט, איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ פריילעך קעצל. דו לערנסט, כדי דו זאָלסט די רעשט פון דיין לעבן נישט דאַרפן אַרבעטן... דו וועסט אָנסקריבלען מיטן פען און די אַרבעטער אין די פאַבריקן וועלן עס מאַכן... העל, וואָס איז דאָ צו פּלאַפּלען, — איך האָב שוין לאַנג באַמערקט, אַז די אַלע, וואָס פרעגן אונדז, טרעמפּס, פאַר וואָס מיר אַרבעטן ניט, האָבן אַליין קיינמאָל אַ שטאָך אַרבעט מיט זייערע הענט ניט אויפגעטאָן!

סטודענט: ווי עס זעט מיר אויס ביסטו גליקלעך און צופרידן.

ביל: די הויפּט פאַקטאָרן, וועלכע ברענגען דעם מענטשן גליק, זיינען וואַנדערלוסט, פרישע לופט, זונשיין און זאָרגלאָזיקייט. און דאָס אַלץ קריגט אַ טרעמפּ אין אַ פולער מאָס. אָנצושטאָפּן דעם בויך קומט אונדז אָן לייכט. די איינציקע זאָרג וואָס מיר וואַנדער-יונגען האָבן איז וואו צוצושפּאָרן אָן אויער. זיינען זומער אַף דעם דאָ פאַרקס, וועלדער, פאַרמס, פאַרלאָזטע הייזער, שטייגן מיט היי. און אין די

עטלעכע קאַלטע ווינטער מאָנאַטן שלאָפֿן מיר אין די באַן-סטאַנציעס, פּראַכט וואַגאָנען, אָדער מיר גייען אין פּריזן אַף קהל׳שן חשבון.

ס ט ו ד ע נ ט: לייענסטו אַמאָל ביכער?

ב י ל: אַמאָל געלייענט — איצט ניט. צו וואָסער טייוול זיך בלענדן די אויגן? די ברייטע וועלט איז מיין אָפֿענער בוך...

ס ט ו ד ע נ ט: האָסטו אַ געוויסן ציל אין לעבן? זוכסטו עפּעס?

ב י ל: איך זוך ניט — איך לעב. איך פֿילאָסאָפֿיר ניט — איך לעב מיטן היינט.

ס ט ו ד ע נ ט: און אין גאָט גלויבסטו?

ב י ל: איך לאָז גאָט צורו... ניט מיינע דאגות. ער טשעפּעט מיך ניט, טשעפּע איך אים ניט...

(עס דערהערן זיך טריט. בלאַנדי קומט אַן אַן אומעטיקער און אָפּ־געלאָזטער. בלאַנדי איז 25 יאָר אַלט. ער איז אַ הויכער, שלאַנקער, פֿעסט־געבויטער מאַן, מיט אַ פֿולער קאָפּ צעפּאַטעלטע לאַנגע בלאָנדע האָר; קאַנטיק אַז זיין באָרד און וואָנצן האָבן שוין ניט געזען אַ „רייזאָר" אַ גאַנץ לאַנגע צייט. זיינע גרויסע, ברוינע אויגן, כאָטש פֿאַרטרויערט, זיינען פֿול מיט חן. אָנגעטאָן איז ער אין אַלטע סאָלדאַטסקע קאַקי־קליידער).

ב י ל: האַלאָ, באָ.

ב ל אָ נ ד י: האַלאָ!

ב י ל: וואוהין איז, טרעמפּעניו?

ב ל אָ נ ד י: עט, מ׳גייט וואו עס מאַכט זיך.

ב י ל: ביסט ניט לאַנג אַפֿן ראָוד, קיד?

ב ל אָ נ ד י: יעפּ, ערשט אַ פּאָר מאָנאַטן.

ב י ל: פֿון וואַנען שלעפּסטו זיך?

ב ל אָ נ ד י: פֿון באָפֿאַלאָ.

ב י ל: אַ שלעכטער געגענט דאָרט. די ביקעס זייער ווילד, — בוצקען וועמען נאָר זיי דערזעען... איך האָב שוין דאָרט איינמאָל געכאַפּט 60 טעג... סיי, קיד, קוקסט אויס צו זיין הונגעריק. אַלבעטשע האָסט שוין לאַנג ניט געהאַט קיין עק טיש. זעץ זיך, — עס, טרינק. (ביז ביל גיט אים זיינע בולקעלעך, וואורשט און גיסט אים אַן הייסע קאַפֿע





אין אַ טאָמייטאָ־קען. בלאַנדי עסט מיט גרויס אַפּעטיט. דער סטודענט פּאַקט זיך צוזאַמען, מאַכט זיך פֿאַרטיק אַוועקצוגיין).

ב י ל: (צום סטודענט) סיי דו, פֿראַנטאַוואַטער יונג, גיי ניט אַוועק. דאָ וועט באַלד זיין פֿריילעך. — מיר וועלן דאָ איינגיכן אַ קאַטשע טאָן אַ באַרמינע.

ס ט ו ד ע נ ט: גוט, איך בלייב דאָ.

ב י ל: (צו בלאַנדין) וואָס ביסטו אַזוי פֿאַרצאָרנט, יאַט? עפּעס האָט מיט דיר פּאַסירט. — אַ טויטן־פֿאַל אָדער אַנטוישונג, איינס פֿון די צוויי.

ב ל א נ ד י: אַה, — ניט כדי צו רעדן.

ב י ל: עט, נאַרישער יונג דו... נעם זיך ניט צום האַרצן!... שפּיי אַף אַלץ און אַלעמען... אָט נעם מיך. — מיינסט ווייניק דורכגעמאַכט?... גענומען אַף אַלץ אַ שפּיי געטאָן און באַסטאַמענט. (בלאַנדי שווייגט) הער נאָר, סטודענט, גיב אים אַביסל פֿון דיינע בוז! (דער סטודענט גיט בילן דאָס פֿלעשל מיט אַ גלעזל. ביל גיסט אָן אַ פֿולע גלעזל) נאַ, קייקל אַריין! (בלאַנדי טרינקט, ביל גיסט אָן נאָך אַ גלעזל) טרינק נאָך איינע, וועסטו ווערן פֿריילעכער. — איך האָב פֿיינט געפּייגערטע נפשות. (בלאַנדי טרינקט, ווערט מונטערער, שמייכלט).

ב ל אָ נ ד י: דזשי וויז, ווי שטאַרק! רעגעלע דינאַמיט. דאָס וואָלט געקאָנט אַ באַן פֿון די רעלסן אַרונטערשליידערן.

ב י ל: סיי, קיד, דו קוקסט מיר אויס צו זיין אַן אינטערעסאַנטער גאַי, דערצייל מיר ווער דו ביסט?

ב ל אָ נ ד י: וואָס מאַכט עס אויס ווער איך בין. אַ וואַגאַבונד...

ב י ל: הער נאָר דו, יונגער שמאַרק, אַז איך הייס דיר — דערצייל! אַ ניט וועל איך דיר... (ער דראָעט אים מיטן קולאַק).

ב ל א נ ד י: אויב דו ווילסט, וועל איך דיר דערציילן.

ב י ל: דו, סטודענט, הער זיך נאָר גוט צו, — וועסט קאָנען שרייבן אַ בוך וועגן טרעמפּס.

ב ל אָ נ ד י: געבאָרן בין איך אין ראַק איילאַנד, אילינאָיז. מיין פֿאָטער געדענק איך ניט. מיין מוטער האָט שווער געאַרבעט צו געבן אַ גוטע דערציאונג אירע קינדער. דורכגעמאַכט פּאָבליק סקול און דריי

יאָר היי-סקול. צו זיבעצן יאָר שוין געשלעפּט פּעקלעך באַ דער „איי און פּי“. נאָך דעם געאַרבעט אין אַ שוך פאַבריק און צום סוף געוואָרן אַ פּיינטער. צו יענער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיט „וואבלים“, און פאַרשידענע לינקע חברה׳ניקעס. זיי האָבן מיר געגעבן גוטע ביכער צום לייענען. איך האָב דערפילט, אַז מיין קאָפּ ווערט אָנגעפילט מיט עפּעס אַ מין ליכטיקייט. מיינע אויגן האָבן זיך מיר געעפענט. און איך האָב אַ שטיקל צייט געלעבט אינטערעסאַנט... דאַרף דער שיקזאַל מיך צוזאַמענטרעפן מיט אַ קליין טייוועלש שוואַרצער מיידעלע, פּעגי האָט זי געהייסן. אַ מיידל אַ ברען געווען, מיט שאַרפע גרויע אייגעלעך, אָן אמת׳ע שיינהייט. עס האָט זיך צווישן אונדז פאַרקאָכט אַ פייערדיקע ליבע. איר פאָטער איז געווען דער פּאָסטמאַסטער אין אונדזער שטעטל, אַ גאַנצער פּאָליטישן געווען. פאַרשטייט זיך, אַז אירע עלטערן איז ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך, — פלעגן מיר זיך טרעפן אין געהיים. צו יענער צייט איז אַמעריקאַ אַריינגעגאַנגען אין דער וועלט מלחמה. איך האָב געוואָלט מיין פּעגין ווייזן אַז איך בין אַ העלד, בין איך איינער פון די ערשטע אַריינגעטראָטן אין דער אַרמיי. אַז איך בין אָנגעקומען אין פראַנקרייך און זיך צוגעקוקט צו זאַכן, האָב איך באַלד חרטה געקראָגט אַף מיין טאַט. אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַלן... געווען אַפן פראָנט. פיל מאָל דעם טויט פאַר מיינע אויגן געזען... ענדלעך האָט זיך די מלחמה געענדיקט און איך בין געוואָרן פריי... ווען איך בין געקומען צוריק אין ראָק איילאַנד, האָב איך אויסגעפונען אַז מיין ליב פּייגעלע איז שוין לאַנג פון איר נעסטעלע אַוועקגעפלויגן, און אַז זי איז שוין פאַרהייראַט צו אַ רייכן געשעפטסמאַן אין אַנ׳נדער שטאָדט. ווי אַ דונער האָט עס מיך געטראָפן. די ערד איז אונטער מיר איינגעזונקען. איך האָב מיטאַמאָל פאַרלאָרן דעם גלויבן אין אַלעמען און אויך פאַרלאָרן דעם מוט... איך האָב זיך גענומען צום ביטערן טראָפּן... אָט אַזוי וואַנדער איך און שיכור שוין באַלד אַ גאַנצן יאָר. פּרוביר זיך נעמען צו אַרבעט, אָבער לאַנג אַף איין פּלאַץ בלייב איך ניט. ווי נאָר איך קריג אַריין אַביסל געלט, פאַרטרינק איך עס. לעצטנס בין איך געוואָרן אַ רעגעלער טרעמפּ... נו, אָט האָט איר אייך מיין גאַנצע ביאָגראַפיע...





ביל: גאַש, אַ פיינע פאַרגאַנגענהייט!... (צום סטודענט) וואָס זאָגסטו, סטודענט? מען קאָן וועגן דעם אָנשרייבן אַ ראָמאַן?

סטודענט: איך דענק, אַז עס וואָלט אַרויסגעקומען אַ גאַנץ פּיקאַנטע מעשה.

ביל: און נאָך אַלעמען זע איך ניט איין צוליב וואָס זיך נעמען דאָס לעבן פאַר אַ שטיקל מאַמזעלקע!... הער נאָר, יאַט, איך וויים נאָך ניט ווי מען רופט דיך.

בלאַנדי: ווילי באַבסאָן.

ביל: איך וועל דיך רופן בלאָנדי און איך בין ביג ביל פון אַלאַבאַמאַ, אָדער ביל... דו ווייסט, בלאָנדי, דו געפעלסט מיר, און דערפאַר וויל איך דיר זאָגן, אַז אויב דו ווילסט ווערן אַן אמת׳ער טרעמפּ, אַ „פּראָפעס“, טאָ דענק קיין מאָל פון אַרבעטן. דו הערסט וואָס איך זאָג דיר?

בלאָנדי: איך הער.

ביל: וואָלסטו, קיד, געוואָלט זיך שלעפּן מיט מיר?

בלאָנדי: יעפּ.

ביל: און דעקן אַ באַן קאָנסטו?

בלאָנדי: זיך שוין אויסגעלערנט די תורה. איך פאַרלויף די באַן אַביסל פאָראויס דער סטאַנציע, באַהאַלט זיך הינטערן וואַסערטענק און ווען מען זעט ניט מער די קאָנדוקטאָרן כאַפּ איך מיך אַרויף.

ביל: און ווי גלייכסטו בעסער צו פאָרן, — אַף די שטאַנגען אונטער אַ וואַגאָן, אָדער אויסציען זיך אַפן דאַך?

בלאַנדי: איך גלייך בעסער אַפן דאַך: עס איז באַקוועמער און ווייניקער ריזיקע.

ביל: און קלאַפּן אין די הינטער-טירן קאָנסטו?

בלאַנדי: צוערשט ניט געקאָנט. דער צונג פלעגט באַ מיר אָפּנעמען, אָבער ביסלאַכווייז זיך צוגעוואוינט. אין יעדער הויז דערצייל איך אַן אַנדער געשיכטע. איך זאָג זיי געוויינלעך, אַז איך בין אַן אַרבעטסלאָזער, פאָר צו אַ מומען אַף אַ פאַרם.

ב י ל:  איך זע שוין, אַז דו טייגסט זיך אויס. און ווי צו מאַכן זיך נע׳פּגר׳ט קאָנסטו?

ב ל אָ נ ד י:  נעפּ. נאָך ניט פּרובירט.

ב י ל:  טאָ הער זשע, דו סטודענט, מעגסט דאָס אויך הערן. — ווּעסטו האָבן אַ שיינע מעשה צו דערציילן אין די רייכע סאַלאָנען... דאָס איז געשען מיט אַ יאָר צוריק. איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט אין טאַמפּאַ, פלאָרידאַ. איך בין דאַן געווען אמת׳דיק הונגעריק. איך דער־זע פון ווייטן אַ רייכע הויז, באַשלים איך מיר, אַז דאָ מוז איך קריגן מיט וואָס אָנצושטאָפּן מיין בויך. איך עפן אויף די הינטער טיר און פאַל גלייך אַריין אין עס-צימער. איך זע עס זיצט אַ גראָבער פּעמפּיק און שוויצט איבער אַ טעלער מיט טשיקן. אויפן טיש שטייט אָנגע־שטעלט פון כל טוב. איך בעט באַ אים עפּעס עסן, דערצייל אים, אַז איך בין טויט הונגעריק. ער קוקט מיך אָן מיט אַ שפּאָטיש שמיי־כעלע און פרעסט. זיין פרוי, קאָנטיק אַ וואוילע, האָט מיר יאָ געוואָלט עפּעס געבן צום עסן, אָבער האָט מורא געהאַט פאַר איר מאַן. איך שטיי און ריר זיך ניט פון אָרט. ענדלעך זאָגט דער פּעמפּיק — ניט קראַנק ביסטו, שמוציקער טרעמפּ דו, צו גיין אַרבעטן און פאַרדינען דיין ברויט!... דו ביסט אַ פּוילאַק — האָסטו אַ קרענק... גיי פון דאַנען, דו שנאָרער! — איך באַשלים אָנצולערנען דעם אָפּגעפרעסענעם נאַי. איך גיב מיר אַ פאַל אַף דר׳ערד. פאַלנדיק האָב איך אומגעוואָרפן דעם טיש מיטן עסנוואַרג. די געשיר האָט זיך צעבראָכן, דאָס עסן צעגאָסן. איך הייב אָן צו חלשן, פּאָנפּע און כאָרכל ווי אַ גוסס׳ער און נאָך דעם אָנטשווּיגן געוואָרן, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און מאַך זיך נע׳פּגר׳ט. די באַלאַבאָסטע האָט געמאַכט גוואַלדן, די שכנים זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן. מען מינטערט מיך, מען גיסט אַף מיר קאַלט וואַסער, מען רייסט מיר דאָס מויל, און איך ניט פון אָרט. ענדלעך האָב איך מיך געלאָזט אָפּמינטערן... מען האָט מיך אָנגעשטאָפּט מיט די בעסטע מאכלים און נאָך דריי און אַ האַלב דאָלער אַפן וועג געגעבן. (עס דערהערט זיך פון ווייטן אַ טומל און אַ פייפעריי. אַלע קוקן זיך אום, די שלאָפעדיקע טרעמפּס כאַפּן זיך אויף און רייבן זיך די אויגן) דאָס האָבן אונדזערע טרעמפּלעך פאַרנאַרט אַ שיכורן אַרבעטער. שבת





נאָך האַלבן טאָג קריגן די היגע אַרבעטער „פּעי“, שיכורן זיי זיך אָן, קאָן מען לייכט אַ קאַטשע-טאָן אַ באַרמינע.

(עס קומען אָן צוויי יונגע טרעמפּס און פירן אונטער די הענט אַ שיכור. איינער פון די טרעמפּס איז אַ הויכער, אַ דאַרער, אָן אָפּגעריסענער, אָן אַ סימן פון האָר אַפן קאָפּ — מען רופט אים סלים. דער צווייטער איז אַ קליינער, אַ שוואַרצער מיט אַ קורנאָסע נאָז, אַ באָרוועסער. מען רופט אים שאָרטי. דער שיכור איז אַ געוויקסיקער, ברייטביינעקער סלאַוו, מיט גרויסע גוט־מוטיקע קעלבערנע אויגן. אָנגעטאָן איז ער אין שווערע שטיוול און אָוועראָלס. אַף די אָוועראָלס טראָגט ער אַ וואַרימען רעקל. ער איז אינגאַנצן אויסגע־שמירט אין פערדישע מיסט. זיין נאָמען איז דזשאָני. ער זינגט אַ לידל, וועלכע ער געדענקט נאָך פון זיינע היימישע זעלנערישע יאָרן).

ס ל י ם:  אָט איז דער דזשאָדזש! (ער ווייזט אָן אַף בילן. ביל שטעלט זיך אויף, טוט אָן זיין שוואַרצן, אומגעלומפּערט ברייטן פאַרלאַטעטן ראָק, הוסט זיך אויס, מאַכט אָן אָנשטעל).

ש אָ ר ט י:  זאָל זיין שטיל אין קאָרט!

ב י ל:  חברה שלעפּער, טרעמפּס און וואַבלים, איך דערקלער דעם קאָרט אָפּיציעל אָפן... נו, סלים, וואָס האָסטו צו באַריכטן?

ס ל י ם:  יור אָנאָר, איך און שאָרטי האָבן געטראָפן דעם מאַן אין אָן איינפּאַכן שבת אַ שיכורן, האָבן מיר אים אַרעסטירט.

ש אָ ר ט י:  ריכטיק, יור אָנאָר.

ב י ל:  וויפל געלט האָט איר באַ אים געפונען?

ס ל י ם:  נאָר פיר דאָלער, יור אָנאָר. איך האָב געקויפט צוויי פלאַשן „בוז“ פאַר דעם. (ער שלעפּט אַרויס פון בוזים צוויי פלעשלעך, גיט עס איבער בילן).

ב י ל:  מער ניט געווען ווי פיר דאָלער, דו גנב דו? דעמעט, אויב איך וועל אויסגעפינען, אַז דו האָסט עפּעס פאַרשטעקט, וועל איך דיר דעם קאָפּ אַראָפּדרייען, דו הינטישער יונג דו!

ס ל י ם:  מער ניט געווען, ביל, זאָל איך קראַפּירן אַפן אָרט אויב געווען מער! זאָג דו, שאָרטי.

ש אָ ר ט י:  מער ניט געווען ביל.

ב י ל:  נו, גוט... יעצט וועלן מיר הערן וואָס דער באַשולדיקטער האָט צו זאָגן. (סלים און שאָרטי קלאַפּן דזשאָנין אין די זייטן, מאַכן

אים אויפמערקזאַם ער זאָל זיך צוהערן) הויב אויף, דו שיכור, דיין רעכטע האַנט און שווער, אַז דו וועסט זאָגן פאַרן געריכט דעם ריינעם אמת, און נאָר דעם אמת! (סלים העלפט דזשאָנין אויפהויבן זיין רעכטע האַנט).

דזשאַני: איך שווער, איך וועל זאָגן דעם אמת.

שאָרטי: זאָג יור אנאר, דו ביג פול.

דזשאַני: יור אנאר, דו ביג פול.

סלים: (גיט אים אַ שטויס אין זייט) הער נאָר דו, שמוציקער חזיר, וואָס דו רעדסט! פאַרגעס ניט, אַז דו שטייסט פאַרן דזשאַדזש, אַניט גיב איך דיר באַלד אַ כמאַל אין פיסק אריין!

ביל: בא וואָס ארבעסטו?

דזשאַני: אין אַ שטאַל בא פערד, יור אָנאָר.

ביל: וויפל פערד געפינען זיך אין דער שטאַל?

דזשאַני: צוועלף פערד, יור אָנאָר.

ביל: הייסט עס — מיט דיר צוזאַמען דרייצן פערד.

דזשאַני: צוועלף פערד, יור אנאר.

סלים: (גיט אים אַ שטויס אין זייט) אַז דער דזשאַדזש זאָגט דרייצן איז מסתמא דרייצן.

דזשאַני: דרייצן פערד, יור אנאר.

ביל: וויפל „פיי" האָסטו געקראָגן היינט?

דזשאַני: ניינצן דאָלער, יור אָנאָר.

ביל: נאָר ניינצן דאָלער און ניט מער? פאַרוואָס אזוי ווינציק?

דזשאַני: מער ניט געגעבן, יור אנאר.

ביל: וואו האָסטו דאָס גאַנצע געלט אַהינגעטאָן, בארמינע? דערציייל דעם גאַנצן אמת, אַניט שיק איך דיך אַוועק אין „סינק-סינק" אַף גאַנצע זעקס מאָנאַטן!

סלים: דעם דזשאַדזש מוז מען זאָגן דעם אמת!

שאָרטי: דערציייל דעם ריינעם אמת!

דזשאַני: יאָ, דעם ריינעם אמת... ווי פאַר גאָט, יור אָנאָר... ווי איך האָב געקראָגן די פיי בין איך באַלד אַוועק אין מעק-קענס סאַלון. ווייל ווען איך גיי אַהיים וואָלט בא מיר מיין אַלטע האַג צוגענומען





ביז אַ פעני און נאָך אָנגעשאָלטן... מיסטער מעק-קען אָבער איז אַ גוטער מענטש. ווען ער דערזעט מיך, זאָגט ער מיר — האַלאָ דזשאַנין האַדוייודו דזשאַני!... איך הייס אים געבן אַ גוטן טרונק — גיט ער... נישט אַלעמען פאַרקויפט ער שנאַפּס, מיר אָבער גיט ער. אַ וואוילער מענטש אַט דער מיסטער מעק-קען. איך האָב אים אַנידערגעלייגט אַ טאָלער, האָט ער מיר געגעבן פערציק סענט רעשטע. בין איך אריבער צום פרייען עס-טיש, געגעסן אַ פּאָר וואורשטלאַך און סאַלאַד... נאָכדעם ווידער געגאַנגען צו דער באַר און געבעטן אַ טרונק. דאָס מאָל האָב איך אַנידערגעלייגט אַ צענערל... אמת, ער האָט מיר געגעבן אַ גוטן טרונק. ווען איך האָב אויסגעטרונקען האָט ער מיר געבראַכט רעשטע אַ דאָלער מיט טשענדז. זאָג איך אים — איך האָב אייך, דאַכט מיר, מיסטער מעק-קען, געגעבן אַ צענערל? זאָגט מיסטער מעק-קען, — ניין, דו האָסט מיר געגעבן צוויי טאָלער. זוך אין דיינע קעשענעס וועסטו עס געפינען. — איך האָב געזוכט אין אַלע קעשענעס און ניטאָ. זאָג איך, אפשר, מיסטער מעק-קען, האָט איר געהאַט אַ טעות? ענטפערט ער שוין אַ בייזער: — וואָס הייסט, איך, אַ סאַלון קיפער, אַ ביזנעסמאַן וועל מאַכן אַ טעות!... נו, מסתמא ווייס ער וואָס ער רעדט... אַ וואוילער מענטש אַט דער מיסטער מעק-קען, אַלע מאָל זאָגט ער מיר: האַלאָ דזשאַני! האַדוייודו דזשאַני!...

ביל: אַזאַ יאָר אַף דיר, וואָס פאַר אַ גוטער מענטש אַט דער מיסטער מעק-קען איז!...

סלים: וואָס איז אייער אורטייל, יור אנאר?

ביל: דערפאַר וואָס דזשאַני האָט זיך אנגעשיכורט אין אַן אייגפאַכן שבת נאָכמיטאָג, און דערפאַר וואָס ער גייט אין מיסטער מעק-קענס סאַלון, איז מיין אורטייל, אַז מען זאָל אים באַזוכן און אַלץ קאָנפיסקירן; אויך דאָס רעקל און שטיוול בא אים צונעמען.

(סלים און שאָרטי נעמען זיך אויספירן די שטראָף. שאָרטי שלעפט פון דזשאָנין אַראָפּ די שטיוול און טוט עס אָן אַף זיינע באָרוועסע פיס. סלים נעמט פאַר זיך דאָס רעקל. דזשאַני ווערט זיך ניט, זינגט זיין היימיש לידל. סלים זוכט בא דזשאָנין אין אַלע קעשענעס, געפינט אַ קליין מעסערל, נעמט עס צו. אַלע, אויסער דעם סטודענט, וועלכער זיצט די גאַנצע צייט אַן אַ זייט, נעמען זיך צום טרינקען. שאָרטי איז מכבד דזשאָנין מיט אַ

שנאַפּס, סלים כאַפּט אוים. אַביסל שפּעטער פּרובירט סלים אָפּשניידן דזשאַנין אַ הויז. בלאַנדי קאָן עס מער ניט אַריבערטראָגן, גייט צו אַ בייזער צו סלימען גיט אים אַ נעם באַם קאָלנער)

בלאָנדי: דו, פאַרזעעניש, לאָז בעסער דעם נאַי צורו!

(סלים קוקט זיך איבער מיט בילן, לאָזט צורו דזשאַני'ן און גייט אָפּ אָן אַ זייט אָן אומצופרידענער... ווען זיי ליידיקן אויםביידע פלעשער שנאַפּס נעמען זיי זיך אַלע אין אַ קראַהאַד און טאַנצן פלינק און לעבעדיק אַרום דזשאַנין. ווען זיי ווערן מיד טאַנצנדיק, נעמט שאַרטי דעם גלחישן מאַנטל, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט אַף דר'ערד און טוט דאָס אָן אַף דזשאַנין. ביל פאַנגט אָן צו זינגען אַף זיין דומפּיק באַסאָווער שטימע דעם פּריסטערס ליד:

דו וועסט עסן ביי און ביי טאָרט,
ווען דו וועסט זיין אַף יענער וועלט דאָרט;
אַרבעט און דאַוון, עס היי און קיי שטרוי,
סט'עסן זיסן ברויט, ווען דו וועסט זיין טויט.

אַלע כאַפּן אונטער דאָס ליד פון דעם שקלאַף

דו וועסט עסן ביי און ביי,
ווען דו וועסט ווערן אמת'דיק פריי!
נעם זיך אָן מיט מוט, עס וועט דיר טאָן גוט,
און דו וועסט געניסן פון דעם זיסן ביי און ביי.

מיט אַמאָל דערהערן זיך שווערע טריט).

ביל: (שרייט אוים) חברה, אַ „קאַפּער“ קומט!... (אַלע לאָזן זיך לויפן אין פאַרשידענע זייטן. ביל און בלאַנדי לויפן צוזאַמען. דזשאַני בלייבט איבער אַליין. אַ פּאַליסמאַן קומט אָן).

פּאָליסמאַן: אהא, דזשאַני איז שוין ווידער שיכור! (ער טאַפּט אים אין די קעשענעס) די טרעמפּס האָבן שוין פריער פון מיר אויסגעליידיקט זיינע קעשענעס... בעסטאַרדס!... (ער שלעפּט אים מיט זיך).

פאָרהאַנג

1926



# אַן איבערפאַל

אַנטיילנעמער:

1 אַ מאַן — 3 ביג ביל
2 אַ פרוי — 4 בלאַנדי

עס קומט פאָר אין איינעם פון די ניו ענגלאַנד שטאַטן. אַ וועלדל באַ אַ פאַרוואַרפענעם וועג, ניט ווייט פון אַ זייטיקער באַן־ליניע. עס איז אַ שיינער מילדער, זומערדיקער טאָג. אַ רייכער אָטאָמאָביל קומט אָן און פאָרט אַריין צווישן די ביימער און שטעלט זיך אַזוי, אַז מ'זאָל אים וואָס ווייניקער אָנזען פון וועג. עס קומען אַרויס פון אָטאָמאָביל אַן עלטערער, פעטלעכער, אויס־געפּוצטער מאַן מיט אַ יונגער, שיינער, איינפאַך־געקליידטער פרוי. ער טראָגט אַ רענצל, זי — אַ דינע קאָלדרע און אַ קאַמערע. זיי קוקן זיך אַרום.

מאַן: דאָ איז אַן איינזאַמער און זיכערער פּלאַץ.

פרוי: הלוואי קומט דאָ קיינער ניט אָן פון באַקאַנטע.

מאַן: מיר זיינען דאָך אַ צוואַנציק מייל פון שטאָט אַוועק. (זיי זעצן זיך אוים צווישן ביימער. זי וויל אים אַרומנעמען. ער שטופּט זי אָפּ). איך בין נאָך אַלץ אַף דיר בייז, — האָסט פונדעסטוועגן מיך גע־קאָנט אָפּרופן אין אָפיס...

פרוי: איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט... ער איז אָנגעקומען פּלוצים... פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז איך האָב ניט געקאָנט.

מאַן: ווען איז ער אַוועק?

פרוי: ערשט נעכטן.

מאַן: אַף ווי לאַנג?

פרוי: אַף גאַנצע זעקס וואָכן, „דאַרלינג“, ער איז אַוועק אין קליוולאַנד; פון דאָרט פאָרט ער אין דעטראָיט און נאָכדעם אין שי־קאַגאָ.

מאַן: און מיין אַלטע איז אַוועקגעפאָרן אין אַטלאַנטיק-סיטי אַפן גאַנצן זומער. די דאָקטוירים האָבן איר געראָטן נעמען הייסע

ים-בעדער פאַר איר רעמאַטיזם... זי האַלט אין איין שרייבן, אַז איך זאָל קומען צופאָרן. איך ענטפער איר, אַז איך בין פאַרוואָרפן מיט „קאָרט קייסעס“.

פרוי: (לאַכט) אַן אַלטער נאַר! — ווייס זי ניט, אַז דער קאָרט איז פאַרמאַכט זומער.

מאַן: אַלץ וואָס זי ווייס — איז קרעכצשען און בורטשען.

פרוי: הייסט עס, זיינען מיר פרייע פייגעלעך.

מאַן: דו ווייסט וואָס, דירי? — מיר האָבן זיך געדאַרפט אַרי-בערכאַפּן אין ניו יאָרק אַף אַ פּאָר וואָכן. דאָרט קאָן מען אַ לעב טאָן פראַנק און פריי. קיינער קאָן אונדז דאָרט ניט. בא אונדז אין פיטס-פילד דאַרף מען זיך אויסהיטן — אַף יעדן טראָט באַקאַנטע...

פרוי: און דעם דיימענט-רינגל וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט, האָסטו געבראַכט?

מאַן: געוויס געבראַכט! — קאַנסלער העראַלד הענקאָק, אַז ער זאָגט צו, ברענגט ער. (ער נעמט אַרויס פון אַ קעסטעלע אַ רינגל מיט אַ היבשן שטיינדל. ער טוט עס איר אָן אַף אַ פינגער).

פרוי: (שפיגלט זיך מיטן פינגערל) אַן אמת'ער דיימענט, דאַר-לינג?

מאַן: דיין גרויסער פאַרדינער מאַכט עס ניט אין אַ מאָנאַט, וואָס דאָס קאָסט. דו זיי נאָר אַ מענטש און זיי מיר טריי, וועט דיר זיין גוט און וואויל...

פרוי: (קעוולט אָן) דו ביסט אַ טייערער, אַ ליבינקער... (זי גלעט אים) מוזסט שוין זיין אודאי הונגעריק?

מאַן: די פרייע לופט מאַכט אַן אַפּעטיט.

פרוי: ווילטס אַ סאַרדין-סענדוויטש מיט קאַוויאַר?

מאַן: גיב וואָס דו האָסט. (זי מאַכט פאַרטיק דאָס עסן, ער, אַ צו-פרידענער, פייפט צו אַ בראַדווייער לידל. זיי עסן מיט אַפּעטיט און פאַר-טרינקען מיט וויין. עס קומען אָן בלאָנדי און ביג ביל. ביידע קוקן אויס מיד און הונגעריק... זיי בלייבן שטיין).

ביל: סעי, באָס, קענסט אונדז עפּעס געבן צום קייען? — מיר זיינען טויט הונגעריק.





מאַן: (שטעלט זיך אויף, רוקט אַריין שנעל די האַנט אין קעשענע) איך האָב אייך ניט וואָס צו געבן. גייט פון וואַנען איר קומט!

בלאָנדי: מיר האָבן נאָך גאָרנישט אין מויל געהאַט פון נעכטן אינדערפרי.

מאַן: ניט מיין דאגה. גייט געזונטערהייט.

ביל: טאָ, העלף אונדז אַרויס מיט אַביסל קליינגעלט.

מאַן: (בייז) איך וועל אייך גאָרנישט געבן! פאַרנעמט זיך פון דאַנען!... ניט קראַנק זיינט איר צו אַרבעטן און פאַרדינען, וועט איר האָבן גענוג און ניט דאַרפן אַרומגיין בעטלען.

ביל: נו, אַ דאַנק פאַר אַ פּראַקטישער עצה, גנעדיקער הער. צום ווידערזען.

בלאָנדי: אַדיאָס! (ביל און בלאָנדי אָפּ).

מאַן: אַזעלכע אומפאַרשעמטע באָמס! — גיב זיי עסן, גיב זיי געלט!... אַ חלק האָבן זיי בא מיר אַריינגעלייגט!...

פרוי: דער אינגערער איז נאָך גאָר אַ קינד. קוקט אויס אַ סאָלדאַט געווען.

מאַן: און אַז אַ סאָלדאַט, איז וואָס? אויך מיר אַ יחוס... אַלע זיינען זיי פרעכע יונגען. און אַז מען באַהאַנדלט זיי גוט אזי נאָך ערגער. אַפּן קאָפּ קריכן זיי...

פרוי: ריכטיק.

מאַן: מ'האָט זיי געדאַרפט, אָט די אַלע שנאָרערס אין די פרוי-זאָנס פאַרפּאַקן. אַ גרויל צו באַלעסטיקן מענטשן!

פרוי: איך האָב מיך טאַקע גוט דערשראָקן. אַ קשיה אַף אַזעל-כע חברה, — זיי קאָנען נאָך מאַכן אַ האָלד-אָפּ.

מאַן: איך שרעק מיך ניט אָפּ, טייערינקע, פאַר אַזעלכע שלעפּער. איך טראָג מיט זיך שטענדיק אַן אָנגעלאָדענעם „זעקס-שיסער“. (ער נעמט אַרויס אַ קליינעם רעוואָלווער פון זיין קעשענע און ווייזט איר) זעסט, אָט דאָס שפּילכל? — דאָס קאָן טאָן די מלאכה. און איך, אַז איך שיס טרעף איך גלייך אין ציל. (זיי באַרואיקן זיך אַביסל).

פרוי: ווי שיין די לאַנדשאַפט איז דאָ. מ'דאַרף אָרנטערנעמען עטלעכע נאַטור-בילדער. (זי נעמט פאַנאַנדער אַ קליינע קאַמערע... ביל

און בלאַנדי גנבֿענען זיך אונטער אינדערשטיל, פֿון הינטן אַרום. ביל אי־בערפֿאַלט דעם מאַן, בלאַנדי — די פֿרוי. דער מאַן פֿאַנגט אָן צו שרייען. ביל דערלאַנגט אים אַ כמאַל אין פּנים אַריין, דער מאַן ווערט שטיל. ביל פֿאַרדרייט דעם מאַן די הענט אַף הינטן און פֿאַרבינדט זיי מיט אַ שטריקל. דאָס זעלבע טוט בלאַנדי דער פֿרוי).

ב י ל: דו, צעקראַכענע זשאַבע, — בעסער וואָג ניט צו שרייען, אַניט לייג איך דיך אַוועק אַפֿן אָרט אַ טויטן!

ב ל אַ נ ד י: איר, מאַמזעל, שרעקט זיך ניט, — אייך וועלן מיר קיין שלעכטס ניט טאָן. (ביל פֿאַרשטאָפּט זיי די מיילער מיט שמאַטעס. דער מאַן און די פֿרוי זיינען אַזוי צושראָקן, אַז זיי קוקן אויס מער טויט, ווי לעבעדיק. ביל באַזוכט דעם מאַנס קעשענעס, טאַפּט אָן דעם רעוואָלווער).

ב י ל: אהאָ! די ריכטיקע בייבי! (ער גיט דעם רעוואָלווער בלאַנ־די'ן) דו האַלט עס און גיב גוט אַכטונג. וועלן זיי אָנפֿאַנגען שרייען, אָדער פּרובירן אַנטלויפֿן — וואַרט ניט, — שיס גלייך! דו הערסט?

ב ל אַ נ ד י: איך הער, קעפּטן.

(ביל שלעפּט צוערשט אַרויס פֿון דעם מאַנס קראַוואַט אַ דימענט שפּילקע, באַקוקט עס גוט).

ב י ל: (מיט שמחה) אַן עכטער דיימענט! (ער רייבט עס אָן אַרבל) ווערט אַ גוטע 100 „סינקערס“. (ער זוכט אין די קעשענעס, געפֿינט אַ טייסטער מיט געלט, ציילט). באַי גאַלי, קיד! — 91 באַקס.

ב ל אַ נ ד י: אָ, באַי! — מיר וועלן דאָס אַ לעבטאָג אַ גוטן טאָג!

(ביל זוכט ווידער, שלעפּט אַרויס אַ גאָלדענעם זייגער).

ב י ל: אַ גאָלדענער זייגער, קיד. אמת'ע 18 קאַראַט. ווערט אַ דרייסיקער אָדער אַ פֿערציקער. (בלאַנדי באַזוכט אײדעל די פֿרוי, געפֿינט באַ איר אין פּאַקעטבוק 2 דאָלער).

ב ל אַ נ ד י: זי פֿאַרמאָגט בלויז 2 דאָלער „טשיפּ“. מען דאַרף עס איר צוריקגעבן. מיר דאַרפֿן ניט קיין קבצנישע געלט... אַל בעטשע, קעפּטן, אַז דאָס איז ניט זיין ווייב, נאָר אַ געליבטע. — אָט די פּאַס־קודנע טשערעפּאַכעס באַזאָרגן זיך אַלע מאָל מיט מאַמזעלקעס. (ער באַמערקט באַ איר דעם רינגל, שלעפּט עס אַרונטער) זע נאָר, טשיף, — אַ דיימענט־רינגל! (ביל לויפֿט צו, באַטראַכט עס).





ב י ל: דעם איטן! — אַ ביליק שטיינדל. (ער שפּייט אַף דעם און רייבט עס אָן אַרבל) אַן איינפֿאַך גלעזל. העל, דער גאַנצער רינגל איז ניט ווערט מער, ווי פֿיר, אָדער פֿינף דאָלער.

ב ל א נ ד י: מסתמא האָט דאָס די מיאוסע באַשעפֿעניש איר גע־געבן אַ מתּנה. (ער טוט איר אָן צוריק דאָס רינגל). דו הערסט, „בווירדי“, דאָס איז ניט קיין דיימענט, נאָר אַ שטיקל גלאָז. אָט דער אַלטער תּרח איז אַ פּייקער.

ב י ל: דו, קיד, גיב דאָ גוט אַכטונג. איך לויף צו אַ קוק טאָן וואָס טוט זיך אין דער מאַשין. (ער לויפֿט אַוועק, קומט באַלד מיט אַ שטריק און מיט אַ פֿלאַש וויין. ביל בינדט זיי ביידן צו צו אַ בוים. בלאַנדי הויבט אויף דעם מאַנס טייסטער, קוקט אַריין, געפֿינט אַ קאַרטל — לייענט: קאַנסעלאָר הערעלד הענקאַק, פּיטספֿילד, מאַסס.)

ב ל א נ ד י: דו הערסט, קעפּטן? אָט דאָס פֿאַרזעעניש איז אַ לאָיער... (צום מאַן) דו, אָפּגעפּרעסענער פּעמפּיק, וויפֿל מענטשן האָסטו שוין באַשווינדלט אין דיין לעבן?... אָבער איצט, פּאַסקודנע זשאַבע דו, וועסטו שוין געדענקען, ווי צו אַנטזאָגן אַ הונגעריקן עפּעס צו עסן!... (ער שפּייט אים אין פּנים אַריין).

ב י ל: דו לאָז מיך, וועל איך זיך מיט אים אָפּרעכענען. גיב מיר אַהער זיין „זעקס־שוטער“, וועל איך אים אין איין רגע דורכלעכערן זיינע גאָטס“... עי דו, אַלטע טשערעפּאַכע, זאָג ווידוי!...

ב ל א נ ד י: מען דאַרף ניט, — ער וועט אינגיכן אַליין קראַפּירן... איך האָב פֿאַר אים אַ בעסערע שטראָף. (ער דעקט איבער דעם פּנים פֿון דער פֿרוי מיט אַ צייטונג, נעמט די קאַמערא און כאַפּט אַרונטער פֿון דער פּאָרל עטלעכע בילדער) דו זעסט, קעפּטן, אָט די בילדער וועל איך צושיקן צו די פּיטספֿילדער צייטונגען און אויך צו די ראַדיקאַלע צייט־שריפֿטן. (ער לאַכט) דאָס וועט זיין אַ גוטע סענסאַציע — דער גאָטס־פֿאָרכטיקער, אָנשטענדיקער לאָיער הערעלד הענקאַק מיט אַ פֿרעמד ווייבל. ער וועט זיכער פֿון ערגערניש אָוועקפּייגערן!...

ב י ל: צוליב וואָס דאַרפֿסטו שיקן בילדער צו דיינע וואַבלי פּיי־פּערס?

ב ל א נ ד י: אָט דער אַלטער תּרח קאָן אַמאָל זיין דער גאַנצער

באַלעבאָס אין זיין שטעטל, וועלן די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען מאַכן א שוויינ...

ביל: באַי גאַלי! דו ביסט א סמאַרט גאַי... וועל, מען דאַרף מאַכן פּלייטע.

בלאנדי: וואָס טוט מען מיטן שיסער?

ביל: מיט א שפּייער אַרומשלעפּן זיך דאַרף מען ניט. — כאַפּט דיך א בול מיט דעם, שניידט מען ניט גוט אָפּ! איך וועל עס אין א טייך אַריינוואַרפן... (עס דערהערט זיך פון ווייטן א פּייפעריי פון א באַן). עס מוז זיין א פראַכט-צוג. עס איז דאָך א זייטיקע ליניע, — דאָ גייען זעלטן פּאַסאַזשיר-באַנען. דאָ ניט ווייט איז דאָ א בערגל, דאָרט גייט די באַן פּאַוואָליע, וועלן מיר זי קענען דעקן... אָבער איידער איך גיי אַוועק, דאַרף איך דער פּאַסקודנער זשאַבע געבן א זיי-געזונט. (ביל גייט צו, פאַרפאַרט דעם אַלטן אין רעכטן אויג אַריין אַזוי, אַז עס ווערט גלייך אויפגעטראָגן, און נאָכדעם פאַרפאַרט ער אין צווייטן אויג אַריין) אַט דאָס איז דיר א מתנה פאַר דיין גוטהאַרציקייט! (די פּייפעריי דער־הערט זיך נענטער) מיר דאַרפן לויפן!

בלאנדי: גוד באַי, גוירלי! — געדענק, מיט אַזעלכע קאַרגע פּאַסקודניאַקעס זאָלסטו זיך מער ניט אַרומשלעפּן!... (זיי פאַרנעמען מיט זיך די קאַמערא און די וויין, און לאָזן זיך לויפן צום באַן).

פאַרהאַנג פאַלט

1926



# אין אַ קאַפע'

## אַנטיילנעמער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 | פּאָל | 7 | מעטי |
| 2 | פּיץ | 8 | טאָני |
| 3 | בלאַנדי | 9 | דאָנאָרא |
| 4 | קוירלי דען | 10 | קעלנער |
| 5 | ביל | 11 | באָס |
| 6 | טאָמי | 12 | פּאָליסלייט |

סיילאָרס, מיידלאַך, געסט

אַ קאַפע אין אַ גרויסער פּאָרטאָווער שטאָט אין דער סאַוט. עס איז דאָ אַ „באַר" וואו מען פאַרקויפט ביר. שנאַפּס פאַרקויפט מען אויך, נאָר ניט עפנטלעך. איבערן באַר אַן אויפשריפט: „נעגערס ווערן דאָ ניט סערווירט". אַרום די רונדע, ברוינע, אָפּגעבליאַקעוועטע טישלעך, אָף וועלכע עס שטייען גלעזער מיט ביר און שנאַפּס זיצן ברייטלעך שיכורע מאַטראָסן, געפאַרבטע מיידלעך, עטליכע כינעזער און צופעליקע געסט. די אַנוועזנדע לאָזן זיך וואויל גיין. בײַ איניקע טישלעך שפּילט מען אין קאָרטן. אין אַ ווינקל לעבן מוזיקאַלישן אַטאָמאַט וואַרפן עטלעכע יונגען „דיימס". קוירלי דען, אַ מוסקוליסטער, שיינער חברה־מאַן, מיט אַ גרויסער קודלע געגרייזלטע האָר, זיצט בײַ אַ פאַדערשטן טישל. לעבן אים זיצט זיין געליבטע, מעטי — אַ שוואַרץ חנ'עוודיקע, בלאַסע, שלאַנקע מיידל. בײַ אַן אַנדער טישל זיצן צוויי מאַטראָסן חאַלב שיכורע. איינער, אַן עלטערער, פון אַ יאָר 40. ער הייסט פּאָל. דער צווייטער, נאָך גאָר אַ יונגעטשקער פון אַ יאָר 19. מען רופט אים פּיץ.

פּיץ: זאָג דעם אמת, פּאָל, דו האָסט ערגעץ וואו אַ געליבטע?

פּאָל: דעמעט, איך האָב דיר שוין אַ סך מאָל געזאָגט, אַז איך האָב ניט איין געליבטע, נאָר אַ סך געליבטע. אין יעדן פּאָרט וואו איך קום האָב איך אַ געליבטע.

פּיץ: פוי, ניט דאָס מיין איך. איך מיין אַן'אמת'ע געליבטע, אַזאַ וואָס ליבט דיך אַליין, וואָס וואַרט אָף דיר, — אַ געטרייע, אַן איבערגעבענע...

פּאָל: ניי, דו ביסט נאָך אַ שנעק, אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אַ רעגעלער מאַטראָס... בײַ אונדזער ברודער זיינען אַלע לענדער אונדזער פאָטערלאַנד, און אַלע פרויען אונדזערע געליבטע.

פּיץ: דו, פאָל, ביסט שוין אַן אַלטער בלאָקהעד. דו האָסט שוין אַזוי פיל בראַנפן אין זיך אַריינגעגאָסן און מיט אַזוי פיל פרויען זיך איבערגעוואַלגערט, אַז דו האָסט שוין פאַרלאָרן אַלע מענטשלעכע געפילן... נאָר איינער, האָסט אַ מיידל, איך מיין אַ געליבטע, איז דיר אַזוי גוט אָפן האַרצן, — האָסט פון וועמען צו טראַכטן, נאָך וועמען צו בענקען, וועמען בריוועלעך צו שרייבן... דו הערסט, פאָל, ווען איך האָב פליגלען, וואָלט איך די מינוט צו מיין נאָרמאַ'ן אַוועקגעפלויגן... זי איז אַ ריינע נשמה, אַ הימלישער מלאך...

פּאָל: (שלאָגט אים איבער) אַוואַ! זע נאָר ווי ער האָט זיך דאָס פאַנאַנדערגעלאָזן!... כאַ, כאַ, כאַ, אַ מלאך! הימלישע ליבע!... עט, ניטאָ מיט דיר וואָס צו רעדן. דו ביסט נאָך גאָר אַ קינד. איך זאָג דיר, אַז אַלע פרויען זיינען גלייך. נעמסט אַרום אַ פרוי, דערפילסט איר וואַרעמקייט, — נו, אָט האָסטו דיר אַ געליבטע, כאַ, כאַ, אַ מלאך, הימלישע ליבע!...

פּיץ: און ווען דו ביסט געווען יונג האָסטו געהאַט אַ געליבטע?

פּאָל: דער טייוול זאָל דיך נעמען! אַלץ וואָס איך הער פון דיר איז ליבע, הימלישע ליבע, געליבטע...

פּיץ: האָסט דאָך אָבער ערגעץ וואו אַ ווייב?

פּאָל: אַ דאַנק גאָט, — איך בין ניט צוגעבונדן צו קיין קליידל.

פּיץ: קאָן דאָס זיין, אַז דו האָסט קיינמאָל אין דיין לעבן קיין פרוי ניט געליבט?

פּאָל: ווי אַ פּיאַווקע שטייסטו צו... נו, און אַז געליבט איז וואָס?

פּיץ: זעסטו, האָסט דאָך אַמאָל אויך געליבט, היינט פאַר וואָס לאַכסטו פון מיר?

פּאָל: ווען מען איז יונג טוט מען אָפּ אַ סך נאַרישקייטן, אָבער איצט ניט מער...

פּיץ: וואָס, זי האָט דיך אָפּגענאַרט? אַוועק מיט אַן אַנדערן?

פּאָל: עט, בעסער אַז מען רעדט פון זיי וואָס ווייניגער. זיי







זיינען אַלע פון איין שניט... דו הערסט „סיד", נעם מיין וואָרט, — אַלע פרויען זיינען סאָסערס, דזשעלאָסע קעץ און פּאַראַזיטן.

פּיץ: (אַנטריסטעט) ס'אַליגן! ניט מיין נאָרמאַ! — זי איז אַן ערלעכע, אַ וואוילע, אַ הימלישער מלאך...

פּאָל: נו, געוויס אַ מלאך, כאַ, כאַ, כאַ. אַ הימלישע ליבע... דזשעלאָסע קעץ, באַטריגער, דאָס וואָס זיי זיינען...

פּיץ: (שרייט און קלאַפּט מיט די פויסטן אָן טיש) דו ביסט אַ ליגנער! ניט אַלע!... מיינע איז אַן ערלעכע. דו ביסט אַ ליגנער, אַ שמוציקער!...

פּאָל: סיי דו, שנעק, מאַך צו דיין הינטישן פּיסקאַטש, אַניט וועל איך עס דיר פאַרמאַכן.

(פּיץ ווערט אַנשוויגן, ער איז ערשעפּט. טרערן קייקלען זיך בײַ אים פון די אויגן. ער שפּאַרט זיך אָן אָפן טיש. עס קומט צו איינע פון די אַנגעפאַרבטע מיידלעך צו זייער טישל).

מיידל: קאָן מען זיך לעבן אייך צוזעצן, מאַטראָסיקלאַך? (פּיץ קוקט איר אָן מיט שפּאָט און קערט זיך אום מיטן רוקן צו איר).

פּאָל: פאַר וואָס ניט, — זעץ זיך.

מיידל: און טראַקטירן וועסטו?

פּאָל: כ'וועל טראַקטירן.

מיידל: איך האָב באַלד געזען, אַז דו ביסט אַ רעגעלער גאַי. אַ גוטער ברודער. (זי רוקט זיך צו נאָענט צו פּאָל'ן, גלעט אים, מאַכט אים צורעכט די האָר און דעם ברייטן שוואַרצן מאַטראָסן־שניפּס. זי רופט צו דעם קעלנער. דער קעלנער — אַ הויכער, דאַרער, פליכעוואַטער פאַרשוין — קומט צו. די מיידל באַשטעלט געטראַנקען) פאַרוואָס, טייערינקער, איז דיין פריינט אַזוי פאַרביטערט?

פּאָל: דער טייוול ווייס אים... יונגע קאַפּריזן... ער בענקט נאָך די הימלישע מלאכים. (דער קעלנער ברענגט די באַשטעלונג און קריגט וואָס אים קומט. זיי נעמען זיך צום טרינקען. פאָל זינגט אַ פריילעך מאַטראָסען לידל. די מיידל און נאָך אייניקע געסט העלפן אונטער. ביל און בלאַנדי, ביידע אויסגעפּוצטע אין נייע זומערדיקע געקעסטלטע מלבושים, קומען אַריין).

בלאנדי: אַ געהויבענער פּלאַץ.

ביל: (קוקט זיך אַרום) אַ וואונדער איך זאָל דאָ קיינעם ניט קע-נען — אַלץ נייע פּנימער...

קוירלי דען: קייקל זיך אריין, ביג ביל! דעמעט, וואָס שטיי-סטו ווי אַ גולם? (ביל און בלאנדי גייען צו צו קוירלי דען'ס טישל, זעצן זיך) וואָס? האָסט נאָך מיך אַלץ ניט דערקענט? צי דו ווילסט שוין מער קיין מענטשן ניט דערקענען?... באה! ביג ביל אַן אויסגעפּוצטער ווי אַ פּרינץ... געמוזט כאַפּן ערגעץ לייכטע קלינגערס!

ביל: העל, — קוירלי דען!... דיך קוים דערקענט. איך האָב שוין דיך לאַנג ניט אָנגעטראָפן. וואו, צו אַלדע שווארצע יאָר, ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

קוירלי דען: געוועזן באַם ענגלישן קעניג אַף קעסט.

ביל: גאַש, ווידער געזעסן? ווי לאַנג?

קוירלי דען: וואַט די העל, — גאַנצע דריי יאָר.

ביל: פאַר וואָסערע מעשים טובים?

קוירלי דען: אודאי ניט פאַר צופיל זאָגן די פּסאַלמען פון דוד... געמאַכט אַ „דזשאַב" מיט נאָך צוויי יאַטן אין אַ פּאָסט אָפיס... מען האָט אונדז נעפּאַקט באַ דער אַרבעט... שלעכטע צייטן, ברודער, — די בולס זיינען בייז ווי די הינט. מען לאָזט ניט כאַפּן אַ לייכטן ביסן...

מעטי: אַ מצוה אַף דיר! — זיי ניט קיין גנב וועסטו ניט דאַרפן זיצן.

קוירלי דען: דו, מעטי, שווייג! איך רייד ניט צו דיר. נו, דערציייל, ביל, ווי קייקלט זיך באַ דיר עפּעס די צייט?

ביל: גאַנץ גוט. כ'האָב מיר שטענדיק מיינע דריי מאָלצייטן אַ טאָג. און „בוז" פעלט מיר אויך ניט אויס...

קוירלי דען: און ווער איז דער יאַט?

ביל: בלאָנדי הייסט ער. אַ וואוילער גאַי, אַ ראַדיקאַל. שלעפּט זיך מיט מיר... (קוירלי דען נעמט אַרויס פון אונטערן טיש אַ פלאַש שנאַפּס, גיסט אַלעמען אָן צו גלעזלאַך).





מעטי: איך וויל ניט קיין שנאַפּס. מיר גיב ביר.

(קוירלי דען גיסט איר אָן ביר).

קוירלי דען: נו, חברה, שווענקט דורך די העלזער! (אַלע טרינקען).

ביל: איך בין גוט הונגעריק.

בלאנדי: איך אויך.

ביל: העי, ווייטער, קום נאָר אהער! (דער קעלנער קומט צו) ברענג „העם און עגס" פאַר אונדז ביידן. פיר פלאַש ביר און אַ פלאַש פון די אמת'ע פייער. פאַרשטייסט?

(ער גיט אים אַ פינפערל, דער קעלנער גייט אָפּ).

קוירלי דען: באה! צייטן געוואָרן! — ביג ביל' ווארפט זיך מיט פינפערלעך.

ביל: יעדער הונט האָט זיין טאָג.

קוירלי דען: דו ביסט מסתמא געוואָרן אַף דער עלטער אַ בוטלעגער?

ביל: איך בין נאָך אַלץ אַ טרעמפּ און ביז מיין טויט וועל איך פאַרבלייבן אַפן ראָאַד.

(ביל און בלאנדי פאַררויכערן גוטע סיגאַרעטלעך. עס קומט אָן מעטי'ס ברודער, טאָמי. ער איז אַ ברייטביייניקער הויכער מאַן, אָרים אָבער נעט געקליידעט. זיינע גלידער קוקן אויס פאַרהאַרטעוועטע, אַזוי ווי פון אייזן געשמידט, די הענט שוואַרצע. ער איז שוין עטוואָס איינגעהויקערט. עס זעט אויס, אַז ער איז פאַר דער צייט פאַרעלטערט געוואָרן. זיינע גרוילעכע האָר האַלט ער אין גוטער אָרדנונג, די אויגן — קלוגע מוטיקע, די שטימע אַ קרעפטיקע. טאָמי קוקט זיך אַרום. קאָנטיק, אַז אים געפעלט ניט די אומגע-בונג. ער באַמערקט מעטי'ן, גייט צו צו איר טישל).

טאָמי: קום, מעטי, אהיים — ניט געזונט פאַר דיר...

מעטי: שרעק זיך ניט, ברודער. איך בין גרויס גענוג צו נעמען אַף זיך אַליין קער.

קוירלי דען: זיי ניט בייז, טאָמי. עס איז ניט מיין שולד — זי האָט אַליין געוואָלט אהערצו גיין.

מעטי: זעץ דיך, טאָמי, די נאַכט איז נאָך גרויס. (טאָמי זעצט זיך צו).

קוירלי דען: (גיסט טאַמין אַן אַ גלעזל שנאַפּס) נאַ טרינק.

טאַמי: אַ דאַנק. איך טרינק ניט קיין בוז, — דער דאָקטער האָט עס מיר פאַרווערט.

קוירלי דען: טאַ האָב אַ ביר. (ער גיסט אים אַן אַ גלאָז ביר. טאַמי טרינקט. דער קעלנער ברענגט דאָס עסן און געטראַנקען. ביל און בלאַנדי נעמען זיך צו דער אכילה, די איבעריקע טרינקען).

מעטי: (צו בלאַנדין) זאָג מיר, דו בלאָנדער טייוול דו, צוליב וועלכען שוואַרץ יאָר שלעפּסטו זיך אַרום מיט וואַגאַבונדען? דו ביסט דאָך נאָך יונג, פאַרוואָס גייסטו ניט אַרבעטן?

בלאַנדי: איך וויים אַליין ניט פאַרוואָס.

ביל: דו, מיידל, מיינסט אַז עס איז אַ מאכל זיך אַרויסצו-טרייבן די קישקעס אין אַ שאַפּ, ווען אין דרויסן שיינט די זון?

מעטי: אַלץ בעסער ווי בעטלען און שלאָפן אין שמוציקע קע-לערס, אָדער צו זיצן אין פּריזאָן.

קוירלי דען: אהאַ, דו פאַנגסט שוין אָן!...

מעטי: דו האָסט ניט ליב, דען, ווען מען זאָגט דיר דעם אמת. מיינסט איך וויים ניט, אַז דו קלייבסט זיך שוין ווידער צו גיין מאַכן אַ דזשאַב!... זע, מען וועט דיך ווידער פאַרפּאַקן.

קוירלי דען: און אַז יאָ, איז וואָס? — די מייסטע מענטשן גנב'ענען איינער באַם צווייטן...

ביל: (צו מעטין) איך וואָלט שווערן אַז דיינע באָסעס באַ וועמען דו אַרבעסט, זיינען נאָך גרעסערע קרוקס פון אונדז! וואָס דען, זיי גנב'ענען געזעצליך, און טאָמער כאַפּט מען זיי, קויפן זיי זיך אויס, אָבער אונדז, אַז מען כאַפּט פאַרשפּאַרט מען אין לאָך.

בלאַנדי: ריכטיק! די רייכע פּעמפּיקעס טוען גאָרנישט, פרעסן, זויפן, הולטאַיעווען און קלייבן נאָך אָן מיליאָנען, און אַ אונדזער ברו-דער ווערט פאַרפוילט. גאַש, אַ פּאַסקודנע וועלט!

מעטי: איז וואָס? דערפאַר וואָס די רייכע גנב'ענען און טוען גאָרנישט, דאַרפט איר זיי נאָכטאָן? — אַרבעט מאַכט ניט ביליקער דעם מענטשן... פוי, איר זייט אַ באַנדע פּראַזן-שיסער, פּויליאַקעס,





שיכורים!... (צו טאַמין) וואָס שווייגסטו, טאַמי? זאָג זיי עפּעס, — דו ביסט דאָך אַן אויפגעקלערטער אַרבעטער.

טאָמי: נו, געוויס איז מעטי גערעכט. אַלע מענטשן דאַרפן אַרבעטן. און אַז אַלע מענטשן וועלן אַרבעטן וועט אַרבעט ניט זיין אַ לאַסט, ניכער אַ נויטווענדיקייט. (ער שטרעקט אויס זיינע שוואַרצע, האַרטע הענט) איר זעט, אָט די הענט האָבן 30 יאָר קוילן געגראָבן. און איך בין שטאָלץ אָף דעם. מיינע קוילן האָבן געגעבן טרייב-קראַפט צו פאַבריקן. דורך מיינע קוילן זיינען באַנען און שיפן געלאָפן, היי-זער זיינען באַהייצט געוואָרן, אַלץ דורך מיין שוויים און בלוט...

ביל: יאָ, דו האָסט דיינע כוחות אוועקגעגעבן און די רייכע האָבן פון דעם געננאָסן.

טאָמי: אָבער ניט אַלע מאָל וועט זיין אַזוי. עס קומט אָן אינגיכן אַ צייט, ווען דער וואָס אַרבעט וועט געניסן די גאַנצע פרוכט פון זיין האָרעוואַניע. די רייכע טוען אַליין גאָרנישט, זיי לעבן פון דעם שוויים פון די אַרבעטער, און אַז מיר אַרבעטער וועלן אוועקלייגן אונדזערע געצייג און ניט וועלן מער אַרבעטן, וועט אַלץ בלייבן שטיין. אַלע רעדער, באַנען און שיפן וועלן בלייבן שטיין; דאָס גאַנצע לעבן וועט זיך אָפּשטעלן.

מעטי: ריכטיק, ברודער!

קוירלי דען: פאַר וואָס טוט איר עס ניט אָף צו נ'אמת?

טאָמי: נאָך ניט אַלע אַרבעטער זיינען געקומען צום שכל. אָבער די צייט קומט, די אַרבעטער אָרגאַניזירן זיך און זיי וועלן אַלץ באַהערשן.

ביל: געהערט שוין אַ סך אַזעלכע רעדעס, — „אַלך באָנס“.

בלאַנדי: איר מעגט לאַכן, אָבער איך האַלט מיט טאָמין. — באַ דעם אַרבעטער אין די הענט ליגט די גאַנצע מאַכט. נאָר ער וויים עס ניט ווי אַזוי אויסצוניצן. ער וועט אָבער קומען אַמאָל צום שכל...

טאָמי: ער וועט קומען צום באַוואוסטזיין און גאָר שנעל... און דאַן, וויי און ווינד וועט זיין צו די אַלע בלוטזייגער!...

(באַ איינעם פון די טישלאַך הערט זיך אַ קריגערייִ איבער קאָרטן. עס

האַלט באַ אַ געשלעג. דער קעלנער, מיט מאַטערניש, שטילט זיי איין. איינער פון די געסט וואַרפט אַריין אין מוזיקאַלישן אַטאָמאַט אַ ניקל. עס פאַנגט אָן צו שפּילן אַ פּאָפּולער לידל:

יעס סער, שי איז מיי בייבי!
נאָ סער, דאָנט סיי מייבי...

די מערסטע געסט כאַפּן אונטער און זינגען מיט. איינציקע פאַרלאָזן לאָזן זיך טאַנצן, באַוועגן משונהדיק זייערע קערפּערס. ווען די מוזיק ווערט שטיל זעצן זיך אַלע אויס ווידער באַ די טישלעך און פאַנגען אָן ווידער צו טרינקען און געמבלען. ביל באַשטעלט ווידער געטראַנקען און זינגט זיך פאַנאַנדער:

נישטאָ אַ לאַנד, וואָס איך האָב ניט געזען
שוין איבערגעקרייצט אַלע יאַמען פון דער מאַפּ;
באַ אַנקל סעמען אַף קעסט שוין אויך געווען,
און אויסגעכאַפּט באַם לעבן יעדן בעסטן קלאַפּ!

אַ באָם פון קינדוווייז אָן, איך וואַנדער אַלץ אַרום,
מיט גלייכגילט צו מיין ליידן הונגער, נויט.
אָ, זאָלן פיינע מענטשן קוקן אַף מיר קרום —
אַ באָם אַ לוסטיקער כ׳וועל בלייבן ביזן טויט.

און טאַקע, צו וואָס זאָרגן היינט פאַרן מאָרגן?
צו וואָס האָרעווען — ווען ס׳ווילט זיך לעבן פריי?
כ׳וועל מאָרגן ווידער עפּעס באָרגן,
און אפשר וועט שוין אַלעם זיין פאַרביי...

ווען ביל ענדיקט זינגען אַפּלאַדירן די געסט שטאַרק. עס ווערט ווידער טומלדיק. דער קעלנער ברענגט די געטראַנקען. קוירלי דען און ביל נעמען זיך ווידער צום טרינקען).

טאָמי: נו, איך מוז שוין גיין אהיים שלאָפן, — עס ווערט שפּעט.

מעטי: איך גיי שוין אויך. גוטע נאַכט...

(ברודער און שוועסטער גייען אָפּ. עס קומט אָן טאָני דער גרידלער





מיט זיין פרוי דאָנאַרא. טאָני איז אַ בייכלדיקער מענטשל מיט אַ צעקניטשט פּנים. זיינע דינע, לאַנגע, גרויע האָר דערגרייכן אים די אַקסלען. אָנגעטאָן איז ער אין גלחישע קליידער. פון איין זייט הענגט באַ אים אַף אַ רימען אַ היפּש פּירקאַנטיק פּעקל, פון דער אַנדער זייט — אַן אַקאָרדיאָן. דאָנאַראַ איז אינגער פון איר מאַן. זי איז דאַר, גרוי און אַן ציינער. זי איז אַביסל צעדולט. עס קוקט אויס, אַז איר גייט גאָר ניט אָן וואָס אַרום איר טוט זיך. זי זינגט און רעדט צו זיך אַליין און שמייכלט צו יעדן איינעם. אויסגעפּוצט איז זי אין אַן אַמעריקאַנער טונקל-ברוינער סטודענטן יוניפאָרם, מיט אַ פּירקאַנטיק העט פון וועלכן עס הענגט אַראָפּ אַ קוטאָס. אין איר האַנט האַלט זי אַ פּיקעלע. אַלע פאַנגען אָן צו שרייען: קוקט נאָר ווער איז דאַ! טאָני דער גרידלער און זיין פרוי! טאָניני! דאנארא!... טאני!... טאָני בלייבט שטיין אין מיטן צימער, טוט אויס זיין פּעקל פון זיך, באַקוקט אַלעמען פריינדלעך. זיין פרוי, דאָנאַראַ, שטייט לעבן אים און זינגט פאַר זיך אַף איר קוויטשיקער, דינער שטימעלע).

קוירלי דען: ביל, דו קענסט זיי? — דאָס איז טאָני דער גרידלער און זיין פרוי. ער איז, זאָגט מען, אמאָל געווען אַן אָפּערא זינגער און זי איז געווען אַ טענצערין.

בלאָנדי: (מיט נייגער) רוף זיי צו צו אונדזער טיש.

קוירלי דען: טאָני, טאָניני! קום נאָר אהער. (טאָני קומט צו, זעצט זיך) דאָס איז דזשיאָוואַני טאַניני, דער באַרימטער אָפּערא זינגער... (ער גיסט אים אַ גלעזל שנאַפּס) וואָש דורך דיין פּיסקאַטש, וועסטו קענען בעסער זינגען. (טאָני טרינקט).

טאָני: יאָ, מיאָ סינאָראַס, דזשיאָוואַני טאָניני איז אמאָל געווען אַ באַרימטער אָפּערא זינגער. ער האָט געזונגען אין לאַ סקאַלאַ אָפּע-ראַ, געזונגען אין מעטראָפּאָליטאַן, אין טשיטאַ מילאַנאַ. רייכע לעדים פלעגן אים מיט בלומען באַוואַרפן. אָבער דאָס איז, מיאָ סינאָראַס, אַלץ אמאָל געווען. יעצט איז דאָ אַ טאָני דער גרידלער. נו, דיאַבאָלאָ, מאַך איך אַ שנעפּסל און פייף אַף טוטע לע מאָנדע.

ביל: גערעכט, פייף אַף אַלעמען. מען קאָן די וועלט ניט אי-בערמאַכן. אַזוי איז דאָס געווען און אַזוי וועט עס אַלעמאָל זיין. די קומען און די גייען. נו מאַך, טאָני, נאָך אַ שנעפּסל!

(ביג ביל גיסט אָן אַ גלעזל שנאַפּס, טאָני טרינקט).

בלאַנדי: זינג עפּעס פון אַן אָפּערע, טאָני!
קוירלי דען: זינג עפּעס, טאָני, פון ריגאָלעטאָ.

(טאָני לאָזט זיך ניט לאַנג בעטן, גייט אין מיטן צימער, מאַכט זיך גרייט צו זינגען. עס הערן זיך שטימען: זינג עפּעס, טאָני! זינג פון אַן אָפּערע! טאָני הוסט זיך אוים, קריגט זיין אַמאָליקע שטייפקייט, פאַנגט אָן צו זינגען פון ריגאָלעטאָ און אַקאָמפּאַנירט זיך אַליין מיט זיין אַקאָרדיאָן. אַלע ווערן שטיל. זיין פרוי העלפט אים אַרוים און פּויקלט צו צום טאַקט. טאָני זינגט:

La donna è mobile qual piuma al vento,
Muta d'accento edi pen siero, etc.

באַ די אויבערשטע טענער פאַרקייכט ער זיך און ענדיקט ניט. דער עולם איז אַנטוישט, פילע לאַכן, טאָני איז נידערגעשלאָגן. זיין פרוי אָבער הערט ניט אויף צו זינגען, גייט אַרום אַלע טישלעך, שטרעקט אוים איר פּייקעלע, מען וואַרפט קליינגעלט).

בלאַנדי: (גייט צו צו טאָנין, דערמוטיקט אים, גיט אים אַ פּאַטש אין פּלייצע) זייער גוט געזונגען, טאַניני! בראַוואָ! (ער פירט אים צו זיין טישל, גיסט אים אָן אַ שנאַפּס) נאַ, טרינק, טאָני! (טאָני טרינקט, באַרואיקט זיך).

קוירלי דען: ווי גייט עס דיר, טאָני, אין אַלגעמיין? מען וואַרפט נאָך אַלץ „קאָפּערס" אין די הויפן?

טאָני: מען מאַכט. ווי אַ מאָל.

קוירלי דען: סעי, טאָני, איך בין איצט אָן אַ דזשאָב, — לערן מיך אוים די גרידלער ביזנעס.

ביל: זע היט זיך, טאָני, ער קאָן נאָך ווערן דיינער אַ קאָנקו-רענט.

טאָני: די וועלט איז גרוים, — ס'מ זיין גענוג פאַר אַלעמען.

קוירלי דען: דאַרף מען צו דעם האָבן אַ גוטע שטימע?

טאָני: פאַרקערט, וואָס ערגער דו זינגסט, אַלץ בעסער פאַר די ביזנעס.

קוירלי דען: נו זאָג וואָס דאַרף איך טאָן.

טאָני: קומסט אָן אין אַ שטעטל, זוך אויף דעם אָרעמען





געגנט. די אַרבעטער האָבן אַלע מאָל מער רחמנות אַף אַן אונדזעריקן. קוק זיך פריער אַרום, צי עס איז ניטאָ אַ „קאָפּ" אין דער נאָענט. גיי אַריין אין הויף, שפּיל די ראָלע פון אַ קראַנקן; ווי אַ קריפּל, — נאָך בעסער. זינג אַן אומעטיק לידל, אָבער זינג פאַלש. מאַך זיך, אַז דו קאָנסט דעם אָטעם ניט כאַפּן. גיט מען ניט באַ דעם ערשטן „סאָנג", זינג אַ צווייטן, אַ דריטן — וועט מען דיר שוין מוזן געבן, כדי דיך אַרויסצופּאַטערן פון הויף.

קוירלי דען: דאָס איז ניט שווער זיך אויסצולערנען. און וויפל, טאָני, מאַכסטו אַ טאָג?

טאָני: איך בין גוט יעדן טאָג פאַר צוויי טאָלער. אין די אָוונטן גיי איך איבער די קאַפּעס. דיאַבאָלאָ, איך מאַך מיר אַ פיין לעבן.

(זיי טרינקען אַלע ווידער. עס קומט אַריין אומבאַמערקט אַן אָפּגעריסע-נער לאַנגער נעגער און פאַנגט אָן צו זינגען און דזשיגן. ער באַוועגט זיך אַזוי פלינק, אַז זיינע פים באַרירן קוים די פּאָדלאָגע. ווען ער ענדיקט, גייט ער אַרום בעטן נדבות, אָבער זייער ווייניק גיבן אים עפּעס, אַנדערע שפּאָטן איבער אים).

בלאַנדי: (אַף צו להכעיס רופט דעם נעגער צו זיך) סיי, בלעקי, קום כאַפּ אַ ביים מיט אונדז! (דער נעגער גייט צו, מיינט אַז מען שפּאַסט פון אים. בלאַנדי גיסט אים אַ שנאַפּס) נאַ, בלעקי, מאַך אַ שנעפּסל און ביים צו! (דער נעגער זעצט זיך צו, טרינקט האַסטיק און עסט אַף אַלע באַקן).

סעלנער: (קומט צו אַן אומצופרידענער) קיין שוואַרצע דער-לויבן מיר ניט דאָ. מוזט גיין פון דאַנען, נעגער.

בלאַנדי: הער אים ווי די קאַץ, בלעקי! — זיץ און עס. אַלע מענטשן זיינען גלייך. ניטאָ קיין אונטערשייד. דער איז ווייס, דער איז שוואַרץ און דער איז געל. איז מען אַ פּאַסקודניאַק, בלייבט מען אַ פּאַסקודניאַק וואָס פאַר אַ קאָליר מען טראָגט אַף זיך.

סעלנער: וואָס, ביסט בלינד? זעסט ניט דעם אויפשריפט — „נעגערס ווערן דאָ ניט סערווירט" — ער מוז פאַרלאָזן שוין דעם דעם פּלאַץ.

ב ל אַ נ ד י:  הו ד'יהעל ביסטו?

ק ע ל נ ע ר:  איך װעל דיר באַלד װײַזן װער איך בין. (ער גײט אַפּ).

ק ו י ר ל י  ד ע ן:  דו, נעגער, טראָג זיך בעסער אָפּ! — זײ װעלן דיך דאָ באַלד װי אַ הערינג צערײַסן.

ב ל אַ נ ד י:  (באַפּעלנד) זײַט!... זאָלן זײ דיך נאָר אָנרירן, װעל איך זײ די קעפּ צעשפּאַלטן... אַלע מענטשן האָבן גלײַכע רעכט!

(דער קעלנער קומט מיטן „באָס". דער באָס איז אַ פּעטער, קײַלעכדיקער, גרױס־בײַכיקער, מיט אַ רױטן אָנגעשװאָלענעם פּנים. בײדע נעמען שלעפּן דעם נעגער. בלאַנדי שטעלט זיך אַנטקעגן, ביל העלפּט אים אַרױס. עס װערט אַ געראַנגל, פּױסטן הױבן זיך, בענקלעך פֿליען, פֿלאַשן ברעכן זיך איבער קעפּ. עס װערט אַ קװיטשערײַ, די געסט לױפֿן צום טיר. דאָס ליכט לעשט זיך אױס. דער געשלעג גײט נאָך אָן... אַביסל שפּעטער װערט שטיל. עס הערט זיך בלױז װי עטלעכע מענטשן קרעכצן. אַ פֿײַפֿערײַ. עס קומען אָן צװײ פּאָליציאַנטן מיט „סוירטש" ליכט. זײ געפֿינען דעם באָס און דעם קעלנער צעבלוטיקטע ליגן אױף דער פּאָדלאָגע).

1 טער פּ אָ ל י ס מ אַ ן:  דעמעט, שױן װידער אַ געשלעג!

2 טער פּ אָ ל י ס מ אַ ן:  עס גײט ניט אַריבער אַ װאָך צײַט, אַז מען זאָל זיך דאָ אין דעם „דזשאַינט" ניט צעממיתן!...

פ אַ ר ה אַ נ ג

1926



# נעלי

## אַ נ ט י י ל נ ע מ ע ר:

1 נעלי
2 ביל
3 בלאַנדי

נעלי איז אַ מײדל אין די שפּעטע צװאַנציקער יאָרן. זי איז פֿון מיטעלן װאוקס. איר קאָפּ איז באַדעקט מיט אַ קופּע רױטע געגרײַזלטע, געקירצטע האָר. איר חנ'עװודיק פּנים מיט די פֿולע רױטע באַקן, װי אױך אַלע אַנט־בלױזטע טײלן פֿון איר קערפּער זײַנען שטאַרק אָפּגעברענט פֿון דער זון. אירע רונדע אױסגעטאָקטע צײן שײַנען אַרױס װי אַ שנירל פּערל. די גרױסע שאַרפֿע טונקל־בלױע אױגן זײַנען באַװאַקסן מיט העל־ברױנע ברעמען. איר שטימע איז אַ קרעפּטיקע. אָנגעטאָן איז זי אין אַ רױטלעך צעכראַסטעטער בלוזקע; די אַרבל זײַנען פֿאַרקאַטשעט אױף אירע פֿעסטע אָרעמס. איר גרין־קורץ קלײדל איז פֿאַרלאַטעט מיט פֿאַרשידנפֿאַרביקע שטיקלעך מאַטעריע װי די ציגײַנער טראָגן. אױף אירע רונדע, געפּאַקטע, נאַקעטע פֿיס טראָגט זי אַלטע סאַנדאַלן

עס איז אַ װאַרעמער פֿאַרנאַכט ענדע זומער. די זון האַלט באַם אונטערגײן.

די האַנדלונג קומט פֿאָר אין אַ װעלדל אין דער „װעסט". רעכטס געפֿינט זיך אַן אַלטע הילצערנע הײזל. עס זעט זיך אַ טיר, װאָס איז שטענדיק צוגעמאַכט און צװײ קלײנע פֿענצטערלעך. אַרום הױז — אַ פּירקאַנטיק טישל, אַן אַלטע באַנק, אַ פּאָר בענקלעך, אַ הערינג־פֿעסל, עטלעכע בלעכענע עמער, אַביסל פֿאַרם־געצײַג. אױף אַ שטריק, װאָס איז פֿאַרטשעפּעט פֿון הײזל צו אַ בױם, טריקנט זיך אַביסל װעש. הינדלעך דרײען זיך אַרום און זוכן צום פּיקן. אַ קאַץ ליגט אױסגעצױגן באַם שװעל פֿון טיר און דרעמלט. פֿױגלען צװיטשערן. פֿון צײַט צו צײַט פֿאַלן בלעטלעך פֿון די בײמער. נעלי שטײט באַ אַ באַלײע פֿול מיט צעװײקטע װעש. זי זײפֿט און רײַבט די װעש שטיקל נאָך שטיקל אױף אַ װאַש־ברעטל, און זינגט:

איך װעל קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן,
װי מיר זײַנען געזעסן
לעבן טײַכל יענעם אָפּדערנאַכט.
ער האָט מיך געביסן,

מיינע גלידער שיר צעריסן
איך האָב פון פרייד געוויינט און געלאכט —
טראלא-לא-לא,
טראלא-לא-לא...

ער האָט מיר געשוואָרן,
אַז זייט ער איז געבאָרן
האָט ער נאָך אַזאַ שיינהייט ניט געזען.
ער וועט מיר רינגען קויפן,
אין פייער פאַר מיר לויפן
ביזן טויט זיך מיט מיר גוט באַגיין.
טראלא-לא-לא,
טראלא-לא-לא...

אַ שטוב וועט ער מיר בויען,
פינף צימערן ווי די פּאָקאָיען
מיט זיינע הענט אליין וועט ער עס טאָן.
אַ גאָרטן מיר פלאַנצן,
מיט בלומען און מאראַנצן
אַ גאָטעניו, ווי וואויל וועט אונדז זיין דאָן.
טראלא-לא-לא
טראלא-לא-לא...

זי גייט אַפּ זינגענדיק אין איר הייזל.

עס קומען אָן ביג ביל און קיד בלאַנדי. ביג ביל קוקט אויס שוואַרץ און באַוואַקסן. ער טראָגט אַ געלע זיידענע צעריסענע אויבערהעמד אָן אַ קאָלנער, אַ שמוציק היטל, אַ גרויען פאַרלאַטעטן ברייטן רעקל, אַ וואַרימען לאַנגן מאַכיק־גרינגעם צעלעכערטן מאַנטל. קורצע אַפּגעקראָכענע געלע הויזן מיט לאַטעס אַף די קני. זיינע שיך זיינען אומגעלומפּערט גרויס און דורכגעלעכערט. די קעשענעס און דער בוזים איז אָנגעשטאָפּט מיט פּעקלעך.

בלאָנדי קוקט אויס מונטער און לעבעדיק. ער איז זייער שטאַרק פאַרברענט פון דער זון. ער איז אָפּגעראַזירט, די וואָנצן אונטערגעהאַקט. פון זיין רואיקן פּנים שטראַלט אָפּט אַרויס אַ גוטמוטיקער ליבלעכער שמייכל. אָנגעטאָן איז ער אין אַ פלאַנעל־בלויען העמדל, שוואַרצן פאַרלאַטעטן רעקל, אויסגעטראָגענע זומערדיקע געקעסטלטע הויזן פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר, געלע





אָפּגעריבענע שיך. אין די קעשענעס — פּעקלעך. ביל און בלאנדי בלייבן שטיין שטיל און הערן זיך צו צום געזאַנג. ביל כאַפּט אַ קוק אין פענצטערל, זאָגט שטיל צו בלאָנדין — אַ רויטע מויד, אַ פּיטש! — ער קלאַפּט אָן פאַרזיכטיק אין טיר.

נ ע ל י: ווער איז דאָרט?

ב י ל: (מיט אַ געמאַכט רחמנות קול) מידע און הונגעריקע דורכנייער, מעדעם. קאָנסט, אפשר, ארויסהעלפן אַ פעלער?

נ ע ל י: (עפנט אויף די טיר, מאַכט צורעכט אירע רויטע צעשויבערטע האָר, קוקט דרינגלעך און שטרענג) „האָבאָס“?

ב י ל: יעס, מיסעס, האָבאָס... קאָנען מיר דאָ זיך אָפּרוען אביסל? אָדער ערגעץ וואו אראָפּלאָזן אָן אויער?

נ ע ל י: אַז איר וועט זיך אויפפירן גוט — קאָנט איר דאָ איבערנעכטיקן. איך זאָג קיין מאָל ניט אָפּ וואָנדער־יונגען.

ב י ל: (קוקט זי גוט אָן) זאָג מיר, מיסעס, ביסטו דאָס ניט רעד נעלי?

נ ע ל י: יאָ, איך בין רעד נעלי.

ב י ל: אָ נאָש!... אַזוי?... דו ביסט דאָס רעד נעלי!... אהאָ, אַלע אונדזערע קענען דיך. זיי ליבן דיך, — דו ביסט אַזוי גוט צו אונדזערע.

נ ע ל י: און ווער ביסטו?

ב י ל: איך בין ביג ביל פון אַלאַבאַמאַ.

נ ע ל י: געהערט פון דיר... דאָס ביסטו זעקס מאָנאַטן געזעסן פאַר צורעכט מאַכן אַ קאָנדוקטאָר?

ב י ל: יאָ, דאָס האָב איך אין מאַיאַמי צעבוצקעט אַ קאָנדוקטאָר — אַ פּאַסקודנע זשאַבע...

נ ע ל י: (קוקט אָן בלאָנדי'ן מיט אינטערעס) און ווער איז דער שיינער חברה־מאַן?

ב י ל: דאָס איז ווילי באַבסאָן. מיר רופן אים קיד בלאַנדי... אַ וואוילער יאַט, אַ געבולבעטער, אַ גאַנצער פילאָזאָף, אַ וואָבלי.

נ ע ל י: אַ וואָבלי? — איך האָב ליב די וואָבלים... איך לייען גערן זייערע ביכלעך.

ב י ל: (צו בלאַנדי'ן) דעמעט, האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז דאָ ערגעץ דאַרפן מיר אָנטרעפן די רעד נעלי?!...

נעלי: נו, חברה, מאַכט זיך היימיש!... וואָסער וועט איר געפינען הינטערן הויז און אין פּעסל... איר זייט דאָך מסתמא הונגעריקע? — באַלד וועט מיין זיידע קומען פון דער אַרבעט, וועלן מיר אַלע עסן צוזאַמען. איך האָב חזיר-פלייש און קאַפּע, דער זיידע וועט ברענגען קייקס...

ביל: מיר האָבן אויך אַ סך שפּייז, — די הייזער דאָ אַרום זיינען גוטע. (ער שלעפּט אַרויס עטלעכע פּעקלעך פון בוזים און פון די קעשענעס און לייגט עס אויס אַפן טישל).

נעלי: (צו בלאַנדי'ן) דו, שיינער יונגאַטש, גיי אָט דאָ רעכטס מיט דער סטעזשקע און ברענג אַביסל היי. שרעק דיך ניט, נעם וויפל דו ווילסט. אַלץ וואָס דו זעסט האָבן מיר אין אַרענדע.

בלאַנדי: פאַרוואָס איז דאָס ניט באַארבעט?

נעלי: דער זיידע מיינער, ער הייסט פּאַפּאַ יאָהאַנוס, איז זייער אַלט. ער קאָן שוין מער די ערד ניט אַקערן — גייט ער אַרבעטן בא יענעם אַף די גערטנער.

בלאַנדי: אַ שאָדן — גוטע לאַנד ווערט ניט אויסגענוצט.

(נעלי גייט אַפּ צו איר הייזל, בלאַנדי טוט אויס זיין שוואַרץ רעקל, ביל טוט אויס זיין וואַרעם מאַנטל און היטל. זיי קוקן זיך ביידע איבער).

ביל: (שטורכעט בלאַנדי'ן אין זייט, רעדט פאַרזיכטיק) זי איז אַ בליענדע קאַץ. זע נאָר, קיד, ווער ניט פאַרפּיקלט... (בלאַנדי שמייכלט) נו, מען דאַרף זיך אָפּראַזירן איידער עס ווערט פינצטער. (ער פאַנגט אָן צו זוכן אין די קעשענעס) דעמעט, וואו זיינען דאָס מיינע רייזערס?

בלאַנדי: איך האָב זיי דיר אַוועקגעגעבן.

ביל: (זוכט ווידער, קאָן ניט געפינען) געמוזט פאַרלירן אַפן שליאַך. העל, איך וועל שוין ווידער זיך דאַרפן באַנוצן מיט אַ שטיקל גלאָז... צוויי גוטע רייזערס געווען.

בלאַנדי: איך גיי נאָך די היי.

(ער גייט אַפּ רעכטס. ביל שלעפּט אַרויס פון זיינע שמאַטעס אַ צעבראָכן שפּיגעלע, שטעלט עס אַף אַ צווייגל פון אַ בוים. ער דערטאַפּט פון הינטער אַרום הייזל אַ שטיקל גלאָז און אַ שטיין. ער שאַרפט דאָס גלאָז אָן שטיין און פייפט אויס אַ האָבאַ לידל. ער הייבט אוף אַ בלעכענע פּושקעלע, וועלכע וואַלגערט זיך אַרום הויז, שלעפּט אַרויס פון אַ קעשענע אַ שטיקל זייף, מאַכט מולינעס מיט אַ שטעקל, שמירט זיך אויס דעם פּנים און ראַזירט זיך מיט דעם שטיקל גלאָז. אין הייזל הערט זיך ווי נעלי קלאַפּט מיט די טעפּ-





לעד, ווי עס סמאַליעט זיך דאָס חזיר־פלייש און ווי נעלי זינגט... בלאַנדי קומט אָן אומבאַמערקט מיט אַ גרויסן בינטל היי).

בלאַנדי: סיי, ביל, דענקסט עס וועט זיין גענוג היי פאַר אונדז ביידן?

ביל: (גיט זיך אַ כאַפּ פאַרן צעבלוטיקטן באַק) גאָדעמעט! מיטן קאָפּ אין דר'ערד, דו זשאַבע!... איבער דיר שנייד איך זיך אַלעמאָל איין. (ער ווישט זיך דאָס בלוט פון זיין פּנים מיט זיין רעקל) אין דר'ערד מיטן קאָפּ, דו הינטעשער זון דו!... אַ צווייטן מאָל פאַר אַזאַ זאַך וועל איך דיר מאַכן אַ בלויע אויג...

בלאַנדי: הער זיך אויף צו שילטן, דו אַלטער תּרח! — אַז דו ביסט „באַגהויז“ לאָזסטו אויס דעם כעס צו מיר. פאַרוואָס שנייד איך זיך ניט איין?

ביל: שווייג בעסער, געלע זשאַבע, אַניט וועל איך דיר געבן אַ רוק אין דיין „קיססער“!

(נעלי באַווייזט זיך באַם טיר, קוקט זיי שטרענג אָן. זיי ווערן ביידע שטיל. נעלי גייט אַפּ. בלאַנדי קוקט זיך אַרום).

בלאַנדי: זע נאָר, ביל, ווי שיין די נאַטור איז דאָ? (ער זעצט זיך אַנידער, באַמערקט זיין שוואַרצן רעקל, נעמט ער עס באַטראַכטן און געפינט אַ היפּשע לאָך) ביל, האָסט ערגעץ נאָדל-פאָדים? (ביל שלעפּט אַרויס פון בוזים אַ קוילכעלע מיט ווייסע פאָדים, אין קוילכעלע שטעקט אַ גרויסע נאָדל, ער וואַרפט עס צו בלאַנדי'ן) קיין שוואַרצע פאָדים האָסטו ניט?

ביל: כ'האָב ניט! — דעמעט, וועסט זיך באַגיין מיט ווייסע אויך.

(נעלי לויפט אַריין מיט שוואַרצע פאָדים).

נעלי: (צו בלאַנדי'ן) גיב נאָר אַהער, דו בלאַנדער טייוול, דיין רעקל! (זי שלעפּט אַרויס דאָס רעקל פון בלאַנדיס הענט, זעצט זיך אַף אַ צעבראָכן בענקל, פאַרקאַטשעט אַ פוס איבער אַ פוס, לאַטעט און זינגט זיך פאַנאַנדער: „איך וועל קיינמאָל פאַרגעסן, א. אז. וו.“ ביידע מענער הערן זיך צו מיט פרייד און קוקן אַף איר מיט לוסט. ביל ענדיקט זיך ראַזירן, ווישט זיך זיין פּנים מיט אַ פּאָלע פון זיין רעקל. נעלי האַקט אָפּ מיט אַמאָל איר זינגען, קוקט אָן בלאַנדין ממזריש).

נעלי: אַ שאַנדע! אַזאַ שיינער יונגאַטש און אַ טרעמפּ גאָר!

בלאנדי: ביל האָט מיר דערציילט, אז דו ביסט מיט א צייט צוריק אויך געווען א טרעמפּ.

נעלי: אמת, געווען... אָבער ניט מער. איך בין איצט א ווע-שערין, וואָש וועש פאר די רייכע דאמען פון דערבייאיקן שטעטל.

ביל: גאָש, א שווערע ארבעטרן גאָר!

נעלי: שענער ווי צו גיין בעטלען... נישקשה, יעדער מענטש איז ניט קראַנק צו טאָן עפּעס א נוצליכע ארבעט!

ביל: דעמעט, איך זע שוין! — דו האָסט זיך געמוזט אָנשטאָפּן מיט די רויטע ביכלעך... זאָג איך דיר, אז דאָס איז אָלעס „באָנק“. עס איז ניטאָ קיין זין אין דער ארבעט... איך וועל בעסער ארום-וואַנדערן פון איין עק וועלט צום צווייטן ביז צום סוף פון מיין לעבן...

נעלי: (פאַרטראַכט זיך, ווערט ערנסט און אָנגעשטרענגט) סיי, ביל, דו ביסט דאָך שוין אויסגעווען די גאַנצע וועלט. — האָסטו אמאָל אָנגעטראָפן א סיילאָר מיטן נאָמען העל-פייער-דזשעק? א הויכער אזא, א דאַרער?

ביל: (קוקט איר אָן פאַרוואונדערט) גאָש, בעטשער לייף, גע-טראָפן!... עטלעכע מאָל מיט אים אָף איין אָקסנשיף געפאָרן.

נעלי: (שטאַרק פאַראינטערעסירט) און ווען האָסטו אים געזען צום לעצטן מאָל?

ביל: מיט א יאָר פיר צוריק.

נעלי: וואו?

ביל: אין לאָנדאָן.

נעלי: און מער האָסטו פון אים ניט געהערט?

ביל: (באַמערקט נעלי'ס נערוועזיטעט, שטאַמלט) עפּעס יאָ גע-הערט און ניט געהערט...

נעלי: (האַסטיק) דו ביג ביל, שרעק זיך ניט. מעגסט מיר זאָגן דעם אמת!... מיין האַרץ זאָגט מיר, אז ער איז שוין לאַנג אָף יענער וועלט... (א ווײַלע שווייגן זיי ביידע).

ביל: (קוקט איר אָן שטאַר) וועל, — אויב דו ווילסט וויסן, וועל איך דיר זאָגן. ער איז שוין טויט איבער צוויי יאָר.

נעלי: דערצייל, ביל, ווי אזוי איז עס געשען?

ביל: איך בין דערביי אליין ניט געווען, נאָר פון טרעמפּס האָב





איך געהערט, אז דזשעק האָט זיך דערטרונקען... עס איז אזוי געווען. ער האָט געאַרבעט אָף א שיף. געווען א פינצטערע נאַכט. ס'האָט שטאַרק גערעגנט. דזשעק איז געווען דאַן שיכור. ער איז אַרויף אָף דער „דעק“, האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַריינגעפאַלן אין ים. א סיילאָר האָט עס באַמערקט, געמאָלדן דעם קאַפּיטאַן, אָבער מען האָט גאָרנישט געטאָן אום אים צו רעטן...

בלאנדי: צום טייוול! א סך אַרט זיי פאַר אַן אונדזעריקן.

(פּיינליכע פּאַוזע).

נעלי: (מיט א פאַרשטיקט געוויין) מיין טייערער דזשעק! אומ-גליקלאַכער דזשעק!... מיין בעסטער פריינט געווען. פינף יאָר — יאָר איין יאָר אויס פלעגט ער צו מיר יעדן זומער קומען, אָפּזיין א 12-10 וואָכן, דאַן פלעגט אים אָנכאַפּן די וואַנדערלוסט און ער פלעגט אַוועק צום ים. אז ער איז מיט צוויי יאָר צוריק ניט געקומען האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אז עפּעס איז מיט אים געשען...

ביל: א וואוילער גאַי געווען העל-פייער-דזשעק!... גאָש, א גוטער ברודער געווען... אַהאַ! העל האָט געקראָגן דער יעניקער, ווער עס האָט זיך מיט אים פאַרטשעפּעט. ביז בלוט פלעגט ער זיך שלאָגן, מיט א רייזער פלעגט ער קאַטעווען רעכטס און לינקס... מען האָט פאַר אים מורא געהאַט!...

נעלי: מיינע בעסטע יאָרן מיט אים פאַרבראַכט. א גאַנצן ווינטער פלעג איך אָף אים וואַרטן. — פאַרלאָרן מיין בעסטן פריינט...

(זי פאַנגט אָן צו זינגען היסטעריש:

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן,<br>
ווי מיר זיינען געזעסן...

ווערט קאָנוואולסיוו, וויינט זיך פאַנאַנדער און גייט אָפּ צו זיך אין הייזל. ביל און בלאנדי בלייבן זיצן פאַרטרויערטע).

ביל: ניט באַשערט צו האָבן א „גוד טאַים“!

(עס הערט זיך נעלים געוויין. בלעטער פאַלן, נאַכטפייגלען זינגען טרויעריק. דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם).

1926

# ניי לעבן

אַנטיילנעמער:

1 בלאַנדי   3 נעלי
2 ביל   4 פּאַפּאַ יאָהאַנוס
5 טאָני

איין שטונדע שפּעטער. עס איז שוין טונקל. אַ פולע לבנה באַווייזט זיך און באַגיסט די גאַנצע פּאַנאָראַמע מיט אַ מאַטאָוון ליכט. דאָס הייזל איז באַלויכטן מיט אַ קעראָסין לאָמפּ. ביל און בלאַנדי מאַכן אַ קעמפּ־פייער.

בלאַנדי: די האָלץ איז נאַס.

ביל: נישקשה, איך וועל עס מאַכן צו ברענען. (זיי רייסן שטיקלעך קאָרע, וואַרפן צו צווייגלעך, בלאָזן אונטער ביז עס ברענט זיך פּאַנאַנדער. דאָס פייער קנאַקט, שיט מיט פונקען און ווערט אַלץ גרעסער. דאָס הייזל און אַלץ אַרום ווערט ביסלעכווייז פון פייער אַלץ מער באַלויכטן. נעלי, אַ פּאַרטרויערטע, מאַכט פאַרטיק די וועטשערע. זי דעקט איבער דאָס טישל מיט אַ רוימן טישטעך, ברענגט פון הויז געפּרעגלטע חזיר־פליישׁ אַף אַ גרויסער פּאַן, אויך קאַפע. זי לייגט צו אויך ביל'ס עסנוואַרג).

ביל: דזשי וויז, וויפל גוטע זאַכן!

בלאַנדי: אַ גרויסאַרטיקער מאָלצייט!

ביל: דעמעט, גאָר פאַרגעסן. — איך האָב דאָך ערגעץ פּיקלס. (ער זוכט אין די קעשענעס, געפינט אַ היפּש פּעקל, בינדט עס פּאַנאַנדער און לייגט אויס אַ האַלבן טוצן גרויסע זויערע אוגערקעס, שמעקט זיי) אָ, וואָ, ווי זיי שמעקן דאָס! טעם גן-עדן... אויסגעבעטלט בּאַ אַ קוכער פון אַ רייכן „דאָמפּ“.

בלאַנדי: דיינע פּיקלס, ביל, האָבן מיר מיין אַפּעטיט צערייצט. (עס דערהערט זיך אַ גערויש).

ביל: (דערשראָקן) אימיצער קומט!... גאָדעמעט, אפשר גאָר אַ שפּיק אָדער אַ בול?





נעלי: איר האָט זיך דאָ ניט וואָס צו שרעקן.

בלאַנדי: (קוקט אָנגעשטרענגט) עפּעס אַן אַלטער „בלענקעט סטיף“ גייט זיך לאַנגזאַם.

נעלי: דאָס קומט מיין זיידע, פּאַפּאַ יאָהאַנוס. דאָס קומט ער ערשט פון דער אַרבעט.

(פּאַפּאַ יאָהאַנוס קומט אָן. ער איז אַן איינגעהויקערטער, גוטמוטיקער שניי־ווייסער אַלטיטשקער. ער איז אָנגעטאָן וואָרים, טראָגט אַ פּעקל אונטערן אָרים און אַ חראַבלע אַפן אַקסל).

פּאַפּאַ יאָהאַנוס: (רעדט מיט אַ דייטשן אַקצענט) אַ גוטן אָבענד אַף אייך, קינדער!

אַלע: אַ גוט נ'אָוונט, פּאַפּאַ יאָהאַנוס.

נעלי: וואָס אַזוי שפּעט, פּאַפּאַ?

פּאַפּאַ יאָהאַנוס: איינגעקויפט אין שטעטל אַלץ וואָס דו האָסט געבעטן. (ער גיט איר דעם פּעקל).

נעלי: קום צום טיש שנעל, פּאַפּאַ. — מיר וואַרטן שוין לאַנג אַף דיר. (יאָהאַנוס גייט אַפּ הינטערן הויז). נו, חברה, נעמט זיך צום עסן!

(זיי זעצן זיך אַלע אויס אַפן גראָז און עסן מיט אַפּעטיט. יאָהאַנוס קומט אויך צו און זעצט זיך עסן).

פּאַפּאַ יאָהאַנוס: דו הערסט, נעלי, ניט אַדרעש, אַז איך בין אַ גליקלעכער מענש... עס גייט ניט דורך אַ וואָך צייט, אַז איך זאָל עפּעס ניט געפינען.

נעלי: וואָס, פּאַפּאַ, האָסטו שוין ווידער געפונען?

פּאַפּאַ יאָהאַנוס: גייענדיק היינט אַפן הויפּט-שליאַך, דערזע איך אַ קליין פּעקעלע. איך הויב עס אויף, וויקל פּאַנאַנדער — צוויי רייזערס.

ביל: באַווייז, פּאַפּאַ, אפשר איז דאָס גאָר מיינע?

(יאָהאַנוס שלעפּט אַרויס אַ קליין פּעקעלע, גיט עס בילן. ביל וויקלט עס פּאַנאַנדער, נעמט אַרויס די רייזערס, באַקוקט עס) זע נאָר, בלאַנדי, טאַקע אונדזערע. ערשט היינט זיי פאַרלאָרן.

פאפא יאהאנוס: דיינע — טא נעם זיי... איך, קינדערלעך, ראזיר זיך שוין סיי ווי ניט מער. (קליינע פויזע).

בלאנדי: האסט שווער געארבעט היינט, פאפא יאהאנוס?

פאפא יאהאנוס: געארבעט ווי אלע טאג. אפן גארטן געארבעט, דאנער וועטער, כשר מיין שטיקל ברויט פארדינט.

בלאנדי: און דיין פריץ האט אויך געארבעט?

פאפא יאהאנוס: מיין ווירט אליין ארבעט ניט. — ער איז א שוואכער מענטש, ער קאן זאגאר א יונגן צווייגל אליין ניט אפהאקן.

בלאנדי: און אף פערד רייטן קען ער? און גאלף שפילן קאן ער?

פאפא: יא, דאס קאן ער צימליך גוט.

בלאנדי: און מיט די דינסט-מיידלעך שפילן זיך קאן ער?

פאפא יאהאנוס: (פארשעמט, שמייכלט) דאס ווייס איך ניט.

בלאנדי: איך קאן זיי, אט די פריצים. — אליין ארבעטן קאנען זיי ניט. אבער בא יענעם דאס בלוט אויסזויגן, דאס קאנען זיי. א בראך צו זייערע ביינער!...

ביל: יו דעם וואבלי, ווער שוין אנשטומט! — ניט גוט ווערט מיר פון דיינע אגיטאציעס.

(ביל און בלאנדי פאררויכערן. דער אלטער פאררויכערט אויך א הילצערנע ליולקע און זינגט זיך שטיל א מאנאטאן לידל. נעלי דרייט זיך נאך אלץ ארום אין א געדריקטער שטימונג. ביל וויל זי מאכן צום לאכן, פאנגט ער אן צו שפילן זיך מיט זיינע צעריסענע שיך. ער עפנט דעם מויל פון זיין שוך און קוויטשעט ווי א פראש. בלאנדי און דער אלטער לאכן).

בלאנדי: דיינע שיך, ביל, זיינען שוין אביסל צו אלט.

ביל: איך האב פיינט נייע שיך, — זיי קוועטשן ארויס די קישקעס. די זיינען באקוועם און לופטיק. (נעלי גייט דורך) וואס ביסטו אזוי פארטרויערט, רעד נעלי?... העל!... וואס געווען איז פארפאלן. מיר וועלן מיט דער צייט אלע אויספייגערן...

(עס דערהערט זיך א גערויש. עס קומט אן טאני דער גרידלער. זיין גרויער קאפ און צעקנייטשט פנים זיינען געדיכט באוואקסן, זיין גלחישער מאנטל איז פול מיט שטויב. אף א זייט הענגט זיין אקארדיאן און זיין פרוי'ס פייקעלע).





טאני: גוטן אווענט, מיא סינאראס!... א! אלטע באקאנטע!...

ביל: זעט נאר, חברה, ווער איז דא! — טאני דער גרידלער... ווי קומסטו אהער?

טאני: איך שלעפ זיך אזוי מיטן הויפט שליאך. מיט אמאל איז צוגעפאלן די נאכט... נאך פון גאנץ ווייט האב איך דערזען אייער קעמפ-פייער. האב איך זיך אזוי לאנג געשלעפט, ביז איך בין געקומען.

נעלי: פאפא, דו דערקענסט אים? — ער איז דא שוין אמאל געווען מיט זיין אלטעטשקער.

פאפא יאהאנוס: יא, איך געדענק, — אזא זינגענדיקע, גוטמוטיקע, פריילעכע טייבעלע...

בלאנדי: און וואו איז דיין פרוי, טאני?

טאני: א, סאנטא מאריא! ניטא שוין מער מיין דאנארא. — געשטארבן.

בלאנדי: געשטארבן?

טאני: יא, מיא סינאראס, געשטארבן. אין פיטסבורג. זינגענדיק איז זי געשטארבן. מיר זיינען געווען אין א קאפע. איך האב ווי געוויינטלעך, געזונגען און זי האט מיר ארויסגעהאלפן. פלוצים האט זי געגעבן א קוויטש ניט מיט איר קול און איז אנטשוויגן געווארן אף אייביק. מיט א שמייכל אף די ליפן איז זי אוועק אף יענער וועלט. א, סאנטא מאריא!

פאפא יאהאנוס: א זינגענדיקע ליכטעלע געווען... אויסגענאנגען דאס אויל — פארלאשן געווארן דאס פייערל. (א ווייזלע שווייגן אלע).

נעלי: ווילסט, טאני, עסן, טרינקען?

טאני: יא, איך בין הונגעריק.

(נעלי גיט אים עסן און קאפע. טאני מאכט זיך היימיש, עסט).

ביל: סיי, טאני, האסט מיט זיך אפשר אביסל „פייער“?

בלאנדי: אוי, טאטע! — אביסל „בוז“ וואלט פארטריבן די „בלויז“.

טאָני: קיין בוז האָב איך ניט, אָבער געלט האָב איך. גייט ערגעץ און קויפט... (ער לייגט אַרויס עטלעכע דאלער).

ביל: קוק נאָר אָן, קיד! — „סינקערס"... נעלי, קאָנסט קריגן בוז?

נעלי: ניט ווייט פון דאַנען וואוינט א פישער, א „בוטלעגער". בא אים קאָן איך אַלעמאָל קריגן בוז.

ביל: טאָ גיי זשע שנעל און זע קריג די ריכטיקע סטאַף!

נעלי: מיך וועט דער אַלטער פישער ניט אָפּנאַרן.

(זי גייט אָפּ. די לבנה האָט זיך צו דער צייט באַהאַלטן און עס איז געוואָרן פינסטערער. יאָהאַנוס צינדט אָן א לאָמטערנע און דרייט זיך אַרום הויז).

ביל: סיי, קיד, איז זי ניט א זיסע קאַץ?

בלאנדי: אָה באָי! שוין איינמאָל א מיידל!

ביל: גיב נאָר אַכטונג און ווער ניט פארשמאַלעט, — דו וועסט ליגן אין דר'ערד מיט די ביינער! (ער וואַרפט אַרויף אַף זיינע פּלייצעס זיין אַלטן מאַנטל, רוקט זיך נעענטער צום פייער) העי, בלאנדי, רוק זיך אָפּ אביסל, דו פוילע-ביינער. עס איז מיר קאַלט געוואָרן, לאָז מיך זיך אָנוואַרימען. (בלאנדי מאַכט פּלאַץ, ביל רוקט זיך צו נענטער צום פייער. בלאנדי וואַרפט צו צווייגן. דאָס פייער הויבט אָן צו קנאַקן. טאָני רוקט זיך אויך צו און וואַרימט זיך).

בלאנדי: דו, ביל, געדענקסט, ווי מיר זיינען שיר ניט פארפראָרן געוואָרן אַף א דאַך פון א „פלייער". דאָס איז געווען א שיקאַגאָ עקספרעס. די נאַכט איז געווען א פינצטערע. א שטאַרקער קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן. פייערדיקע פונקען פון לאָקאָמאָטיוו זיינען אַף אונדז געפאַלן. מיט אַמאָל פאַנגט אָן צו דונערן און בליצן. שפּעטער האָט אָנגעהויבן פליוכען א רעגן. געגאָסן גלייך ווי פון עמער. די באַן פליט משוגענערהייט און טרייסלט פאַנאַנדער יעדן ביין... מיר ליגן פלעט און האַלטן זיךביידע פעסט בא א טרייבל פון דאַך. איך פיל די הענט ווערן מיר פארפראָרן און אָפּגענומען. און דאָ דאַרף איך נאָך זען ניט איינצושלאָפן, אַניט קייקל איך מיר באַלד אַרונטער און קאַפּוט. איך זאָג דיר — ביל, איך ווער פארפראָרן — דו ענט-





פערסט מיר, — דעמעט, אויך מיר א טרעמפּ!... דער שוואַרצער יאָר וועט נאָך דיך אַזוי שנעל ניט צונעמען. — נו, א נאַכט געווען! איך וועל עס האָבן צו געדענקען.

ביל: דאָס איז נאָך א קלייניקייט. איך האָב שוין א סך ערגערע צייטן דורכגעמאַכט... דאָס איז געשען מיט א יאָר זעקס זיבן צוריק אין סאָלט לייק סיטי. איך בין געווען דאַן טויט שלעפערדיק און פארפראָרן. איך האָב דערטאַפּט א בלינדע קאַר האַלב אָנגעפילט מיט אייז. איך קריך מיר אַריין און ווער באַלד איינגעשלאָפן ווי א געהרג'עטער. ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, פּרוביר איך מיך אויפהייבן, איך קאָן ניט. איך קוק מיך אַרום, ערשט איך ליג אין א בעט פון אייז. מיינע קליידער און א האַלבער קערפּער איז צום בעט צוגעפראָרן. איך האָב גענומען שרייען מיט אַלע מיינע לעצטע כוחות. ביז עטלעכע באַן-אַרבעטער זיינען מיר געקומען צו הילף. קוים א לעבעדיקן האָבן זיי מיך אַרויסגעשלעפּט... א האַלבן קערפּער דאַן אָפּגעפראָרן. צען וואָכן אָפּגעקרענקט און צו פרילינג ווידער אַף דער ווייסער וועלט אַרויס... איז מען א טרעמפּ, מוז מען צו אַלץ זיין געוואוינט, סיי צו קעלט און סיי צו היץ.

בלאנדי: ווער קאָן זיך מיט דיר פארגלייכן, — דו קאַנסט דאָך אפילו שלאָפן שטייענדיק.

(נעלי קומט אָן מיט עטלעכע פלאַשן).

ביל: (שרייט) העי, חברה, ס'איז דאָ בוז!... נו, גיב שוין אביסל, נעלי!

נעלי: וואַרט אויס, — איך וועל באַלד אַלעמען געבן. (זי גייט און ברענגט גלעזער, גיסט אָן יעדן איינעם, ביל כאַפּט זיך טרינקען דער ערשטער).

בלאנדי: העי, ביל, טרינק נאָר ניט אַזוי האַסטיק! — עס איז דאָך ניט היינט דיין געבורטסטאָג.

טאָני: טרי טשירס פאַר די סינאָרעס און סינאָריטאַס! (אַלע טרינקען).

ביל: באָי גאָלי, שוין לאַנג אַזאַ גוט ביסל בוז ניט פארזוכט! גיב נאָך אביסל טייערינקע, נעלי. (זי גיסט אים נאָך א גלאָז, ביל טרינקט

עס אוים מיט איין אָטעם. זי גיט אויך די איבעריקע נאָך צוביסלעך. די שנאַפּס וואַרעמט זיי פֿאַנאַנדער און זיי פֿאַנגען אָן צו זינגען אַ פֿריילעך לידל. טאָני זינגט מיט און העלפֿט אַרויס מיט זיין אַקאָרדיאָן. פּאַפּאַ יאַהאַנוס שטייט אויף, קוועלט אָן און פּלאַשקעט צו מיט די הענט. ביל און בלאַנדי פֿאַרוואַרפֿן האַנט אַפֿן אַקסל און לאָזן זיך טאַנצן. צוערשט שטיל, שפּעטער האַסטיקער. זיי קלאַפּן צו פֿלינק נאָכן טאַקט מיט די פֿיס. זיי שלעפּן אויך אַריין נעלין אין טאַנץ... ווען זיי ווערן מיד צעפֿאַלן זיי אַלע אַף דר'ערד... ביל דערטאַפּט דאָס פֿלעשל שנאַפּס און טרינקט. אַ צעווילדעוועטער און אַ שיכורער קריכט ער צו נעלי'ן, ווייל זי אַרומנעמען).

ב י ל: לאָמיך דיך קושן, בליענדע קאַץ דו...

נ ע ל י: (שטופּט אים אָפּ) גיי צום טייוול, דו אַלטער נאַר דו שיכורער האַלאַדריגע!

ב י ל: דו האָסט מיך ניט ליב, דו רויטע מכשפה!

נ ע ל י: טרעף אָפּ, דו אַלטער נאַר! (זי גייט צו צו בלאַנדי'ן, גלעט אים און נעמט אים אַרום) דיך, בלאַנדי, האָב איך ליב — דו ביסט אַ וואוילער און אַ שיינער.

ב י ל: ער איז אַ וואוילער און אַ שיינער? אָט דער נעלער, קרעציקער הונט איז אַ שיינער! (צו בלאַנדי'ן) קום, געלע זשאַבע, און לאָמיר זיך שלאָגן. און איר וועט שוין זען ווער איז שיין און געזונט. (ער כאַפּט אַרויס זיינע רייזערס, וואַרפֿט איינעם צו בלאַנדי'ן) איך קאָן אַזעלכע שנעקעס ווי דו אַ גאַנצן טוצן אַנידערלייגן!... דעם קאָפּ וועל איך דיר צעהאַקן אַף פּופּציק שטיקער.

ב ל א נ ד י: נו, אויב דו ווילסט זיך דורכאויס שלאָגן — בין איך פֿאַרטיק.

(זיי נעמען פֿאַנאַנדער די רייזערס. אויפֿגערעגטע אַטעמען זיי שווער. מיט זייערע אויגן שטעכן זיי איינע די אַנדערע דורך ווי מיט שפּיזן. אין אַ רגע אַרום לאָזן זיי זיך איינער אַף דעם אַנדערן מיט רציחה און פֿאַנגען אָן צו שלאָגן זיך. נעלי שפּרינגט אָפּ אָן אַ זייט, כאַפּט אַרויס פֿון אונטערן הייזל אַ שטיק אייזן, לויפֿט צו צו ביל'ן, פֿאַרמעסט זיך אַף אים).

נ ע ל י: (שרייט בייז) סיי דו „יעג“. וואַרף אַוועק די מינוט דעם רייזער, דו הינטישער זון דו!... דעם קאָפּ וועל איך דיר צעשפּאַלטן





אַפֿן אָרט! (זי דערלאַנגט אים אַ זעץ מיטן שטיק אייזן איבערן האַנט. דער רייזער פֿאַלט אַרויס. ביל דערשרעקט זיך).

פּ א פּ א י אָ ה א נ ו ס: פּע, ניט שיין! גאָר שלאָגן זיך? און אז מען האָט צווישן זיך עפּעס אַ סכסוכ'ל, דאַרף מען זיך שלאָגן מיט מעסערס גאָר?... פּע ניט שיין! דאַנער וועטער!

ב י ל: איר זייט אַלע „באָנגהויז“... קרעציקע הינט! — איך וועל אייך ווייזן ווער איז געזינטער...

נ ע ל י: (נעמט אָן ביל'ן פֿאַרביידע פּלייצעס, גיט אים אַ זעץ אַף דר'ערד) זיץ, דו אַלטער „בלאַק“, און שווייג!... און דו, בלאַנדי, לייג אויך אַוועק דעם רייזער. (בלאַנדי וואַרפֿט אַוועק דעם ראַזיר־מעסער און זעצט זיך אַנידער. ביל ווערט טרויעריק און לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ).

ט אָ נ י: אָ, מאָן דיע! ווי צעפֿלאַמט זיי זיינען דאָס מיט אַמאָל געוואָרן. סאַנטאַ מאַריאַ!

פּ א פּ א י אָ ה א נ ו ס: זעט נאָר! אַזוי ווי שטרויעלעך האָבן זיי אויפֿגעפֿלאַמט און ווי שנעל זיי האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעברענט... עך, נאַרישע יונגען! ניט כדי זיך צו שלאָגן. אייער גאַנצער געפֿילדער מאַכט אָן נאָר אַ רויך. עס ווערט ביטער אין די אויגן. און אַלץ וואָס עס וועט איבערבלייבן איז אַש... איר הערט, קינדער, פֿון אַלץ ווערט אַש... ניט כדי זיך צו שלאָגן.

(נעלי גייט צו צו ביל'ן, הויבט אים אויף זיין קאָפּ).

נ ע ל י: נו, זיי אַ מענטש! מאַך זיך ניט נאַריש, דו אַלטער טרעמפּעניו! (זי גלעט אים. ביל קוקט איר הילפֿלאָז און נעבעכדיק גלייך אין די אויגן אַריין. זי גיט אים צו טרינקען פֿון אַ פֿלעשל) נאַ, נעם אַ זופּ. (ביל כאַפּט זיך טרינקען האַסטיק, באַרואיקט זיך. נעלי גייט צו צו בלאַנדי'ן און גלעט זיינע האָר. ביל זינגט זיך פֿאַנאַנדער. טאָני העלפֿט אַרויס:

טרעמפּ, טרעמפּ, טרעמפּ, גיי וויטער טרעמפּן,
האָסט דאָ מער גאָרנישט צו טאָן.
ווען איך וועל דיר ווידער כאַפּן, —
וועל איך דיר די ביינער צוקלאַפּן
וויטער טרעמפּן איז די בעסטע זאַך פֿאַר דיר צו טאָן.

פאפא יאהאנוס: אט אזוי איז בעסער, זינגט, קינדערלעך, כל זמן עס זינגט זיך. וועט אויסגיין דאס אויל, וועט זיך פארלעשן דאס ליכטעלע און אלץ וועט ווערן שא, שטיל...

נעלי: זאג מיר, בלאנדער יונג דו, האסט מיך עפעס ליב?

בלאנדי: בעטשער-בוטס איך האב דיך ליב. **דו האסט מיך** פאר׳כישופ׳ט.

נעלי: דו קוקסט מיר אויס צו זיין א וואוילער יאט! א יא. דו וועסט ניט אוועק פון מיר? דו וועסט דא בלייבן?

בלאנדי: יא, איך בלייב דא.

נעלי: אף ווי לאנג?

בלאנדי: אזוי לאנג, ווי מיר בײדע וועלן זיך פילן גליקלעך.

נעלי: נו, און ארבעטן וועסטו מיר העלפן?

בלאנדי: וואס זשע? — מיינע הענט זיינען קיין הענט ניט? מיין געליבטע וועט ארבעטן און איך וועל שטיין און קוקן!... אט די פוסטע פעלדער דא ארום. וועל איך אויפאקערן און פארזייען. ווייץ און קארן וועט דא בליען. ערלעך וועל איך מיין שטיקל ברויט פארדינען.

נעלי: אט אזוי האב איך דיך ליב. (זיי נעמען זיך ארום און קושן זיך. טאני פאנגט אין דער שטיל אן צו זינגען דעם חתונה־מארש פון לאהענגרין).

פאפא יאהאנוס: (א פריילעכער, פאטשט מיט די הענט) אי ווי גוט! אך דו ליבער אגוסטוס!... וועט שוין דא די ערד ווידער גרינען! ווידער געבן פרוכטן!... און פאפא יאהאנוס וועט מער ניט דארפן ארבעטן פאר יענעם, נאר צוזאמען מיט זיינע קינדער. אוי ווי גוט, דאנער וועטער!... ..

ביל: אזוי! גייסטו נאר, בלאנדי, ווערן אן איינפאכער ערד-ארבעטער. העל, איך האב די גאנצע צייט געוואוסט, אז דו טייגסט זיך ניט אויס פאר א האבא. די וואבלים און די רויטע האבן דיך צופיל פארדארבן.

בלאנדי: יא, ביל, איך גיי ווערן אף צוריק אן ארבעטער, ווייל ארבעט איז די ערלעכסטע זאך אף דער וועלט. און געדענקען זאלסטו,





ביל, אז די נאענטע צוקונפט באלאנגט אויסשליסלעך צום ארבעטער...

פאפא יאהאנוס: האך! — עס לעבע דער ארבעטער!

נעלי: די ערשטע זאך, וואס מיר דארפן איצט טאן איז צו ווערן באוואוסטזיניקע ארבעטער.

בלאנדי: יא, טייערינקע נעלי, מיר וועלן זיך נעמען צוזאמען צו שטודירן קארל מארקס, ענגעלס און לענין כדי מיר זאלן קאנען ווערן קלאסן-באוואוסטע ארבעטער און קעמפער פאר א ניי לעבן.

(נעלי אן איבערפילטע מיט פרייד, לויפט אוןווארפט אן מיטאמאל א סך צווייגן אפן פייער. דאס פייער פלאקערט זיך שטארק פאנאנדער).

נעלי: און איצט וועלן מיר טרינקען א טאסט. (זי גיסט אן אלעמען צו ביסלעך שנאפס) איך טרינק פאר אונדזער בונד און פאר דעם נייעם פראדוקטיוון לעבן.

בלאנדי: הוריי!...

פאפא יאהאנוס: לאנג לעבן זאלן מיינע טייערע קינדער! און לאנג לעבן זאל די נייע ארדנונג!

טאני: בראווא! בראווויסימא!

(אלע טרינקען, בלאנדי און נעלי קושן זיך. בלאנדי פאנגט אן צו זינגען דאס ליד פון „ניי לעבן“. אלע, אויסער בילן, כאפן אונטער).

פארהאנג פאלט לאנגזאם.

1926

## ווערטער־פאַרטייטשונג

אַקאָרדיאָן — האַרמאָניק.
אָטשערעד — ריי.
בלענקעט סטיף — אַ טרעמפּ מיט אַ פּעקל.
בודיאָנאָווקע, ווינטאָווקע — ביקס.
בוטלעגער — ניט לעגאַלער שנאַפּס־הענדלער.
באָנהויז — משוגע
באָנק — נאַרישקייט.
באָק, סינקער — דאלער.
בלאקהעד — פאַרשטאָפּטע קאָפּ, בול־וואַן.
גאָטס — קישקעס.
גאַי, פעלער, באָדי — בחור׳עץ, חברה־מאַן.
דיאַבאָלאָ — צום טייוול.
דזשאָינט, דאָמפּ — אַ געמבלינג־הויז.
דזשיג — שפּרינגען.
האַיק — וואַנדערן.
הוטש — גע׳סמ׳טע שנאַפּס.
האַג — מכשפה.
וואבלי — אַ מיטגליד פון אַי־דאַבליו־דאַבליו.
טוטע לע מאָנדע—די גאַנצע וועלט.
יעג — רוצח, גזלן.
כראביע, — פריץ, פּאַן.
מאַהאַריטש — טרונק בראַנפן.
סקיי־סקרייפּערס — הימל־קראַצער.
סאַנטאַ מאַריאַ — הייליקע מאַריאַ.
סקעב — סטרייק ברעכער.
עקס־סוירוויסמאַן — אויסגעדינ־טער סאַלדאַט.
קאַפּ, קאַפּער, בול, ביק, דיק — פּאַליציי־מאַן.
קאָלווירט — קאָלעקטיווע ווירט־שאַפט.

▼

## אַנדערע דראַמען פון זעלבן מחבר:

„דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד“
(אין פינף אַקטן)
„נאַטורס ווידערקלאַנגען“
(אין פינף אַקטן)
„די פאַרמער“
„די מאַלערן“
„אַ לענדליידי“

צו באַקומען אין „פרייהייט“ בוך־סטאָר, אין אַלע בוכהאַנדלונגען אָדער באַם מחבר:

Phone: DAyton 9-6457
Dr. Morris Levitt, 1816 Crotona Park East, New York, N. Y.

